# ערשטע באַוווּנדערונג

*

אַ ווײַטער דאַך־פענצטער פּאַרכאַפּט האָט אויף זײַן גלאָט
אַ שטיקל זונען־בראַנד, וואָס זינקט און זינקט.
ס'איז טיף אין האַרבסט. דער לעצטער בלעטערפאַל.
איך שטיי ווי אויף דער וואַך,
און ס'וואַרט מײַן בליק,
ביז ס'וועט די ציִונג־קראַפט פון ערד
זיך נאָך אַ מאָל באַמיִען
פון פײַכטער צווײַג
אַ געלע בלאַט אַראָפּצוציִען.

## קאַמפּאַס

ס'איז נאַכט.
און שטערן אָן אַן עק און אָן אַ ברעג...
און פול מיט סוד איז אַלץ, וואָס איז באַוווּסט און איז באַקאַנט.
אין רונדן שאַכטל אויף מײַן בלייכער האַנט
אַ פּאַסיקל אַן אײַזערנס — מאַגניט —
אַלץ ציטערט אויף אַ שטיפּטל אין זײַן מיט,
פון אונטער דעק פון גלאָז
אַהין, אַהין צום צפון־שטערן ציט...
פאַר וואָס? פאַר וואָס?..

*

ס׳איז נאַכט...
דער צווייטער האָן האָט שוין געקרייט.
דאָרטן אונטן, טיף אין הויף, אין ווינקל,
אין שטעלעכל, פאַרפאַקט מיט חושך,
דאָרט זיצט ער אויף אַ שטענגל
און הייבט דעם קאָפּ אַרויף
און צייכנט אָפּ מיט אָנגעשטרענגט געשריי
אַ שטילן זוים
פון שוועבנדיקער צײַט
און שוועבנדיקן רוים.
ער שוועבט, דער רוים,
איך ליג אויף מײַן געלעגער,
און גרינגע כוואַליעס צײַט
מיך טראָגן ווײַט אַהין,
ווען אין אַ לאַנג פאַרשווונדן האַרץ,
אין אַ לאַנג פאַרשווונדענעם שוין זינען
אַ שפּרוך איז אויפגעשווומען:
„הנותן לשׂכוי בינה״.*

* הנותן לשׂכוי בינה — ווער עס גיט דעם האָן פאַרשטאַנד.
(איינע פון די אינדערפרײַקע ברכות).

## אין וועג

כ׳וועל שווערן, אָט־אָ דאָ בין איך געווען אַמאָל,
און ס׳האָבן אָפּגעשפּיגלט מײַנע אויגן
אי אָט דעם וואַלד, אי אָט דעם טאָל,
אי אָט דעם זאַמד, וואָס האָט זײַן גרונט פֿאַרצויגן.
עס סקריפּעט שטיל די ראָד,
און הילכיק לאַכט אין מיר
מײַן מענטשלעכער, מײַן מעכטיקער זכּרון.
אָ, ער געדענקט נאָך יעדן קער
אויף יעדן וועג פֿון אַלע מײַנע יאָרן...
...איך שווער, איך שווער, עס איז געשען!
אין טרוים, אין אַנדער אורגעשטאַלט
איך האָב דעם טאָל געזען,
איך בין געווען
אין אָט דעם וואַלד...

## בײַ וועגן

*

אַ גאַנצן טאָג
אין רשות פון וועגן זײַן,
אַ גאַנצן טאָג
נאָר ווינט אַנטקעגן האָבן,
און צווישן וועג און אָנוועג — נאָר אַ שמאָלן גראָבן,
נאָר וויִעס יונגע — צווישן אויג און זונענשײַן —
וואָס קאָן אויף ערד
נאָך שענער זײַן?

*

איך גלייב,
אַ ריגל דאָרט אַ גרינגער
פון מיט פון הויכער טיר
שוין וואַרט אויף ערשטן ריר
פון מײַנע מידע פינגער.

פון שטילע ווינקלען פיר
דאָרט וואַרט שוין איינער
אויף מײַן פאַרברענטן וואַנדער־שטעקן,
אַ קרוג מיט וואַסער פול מיט ריינער
שוין וואַרט אויף שטויב,
וואָס ליגט אויף מיר,
אויף שטויב פון ווײַטע שטעגן...

*

אין בלוי פון מײַנע טונקעלע פֿאַרטאָגן,
ווי כ׳וואַנדער לאַנג,
די ערשטע מיזרח־צייכנס האָבן דורכגעשלאָגן
אַ העל געזאַנג:
— עס הייבט אָן טאָגן!

און ווען מײַן האַרץ מײַן מידס האָט קוים געטראָגן
פֿון אָנוועגן דעם עול,
האָט עס דערהערט בײַ ראָזער שײַן פֿון טאָגן
אַ לויטער קול:
— דו וועסט דערטראָגן!..

*

בײַ װעגן בײַ װײַטע,
װוּ רעדער װוּ בלינדע
פֿאַר װינטן פֿאַרשײַטע
אַלץ מאָלן און מאָלן די הײמלאָזע שטױבן —
דאָרט האָב איך אױף פֿעלדער פֿון הפקר מײַן זײונג געקלױבן.*

איך האָב אױף מײַן אַקסל אַ משׂא גענומען
פֿון זוימען באַפּײַכטע מיט האַרבסט־טױען קאַלטע,
מיט זײדנס ירושה, מיט שטעקן מיט אַלטן,
מיט אַלטן פֿאַרשטױבטן, פֿאַרשרומפּענעם לאָגל...
געלאָזט זיך אױף װעגן, אױף װאַנדער, אױף װאָגל...

צום הימל צום הױכן
פֿון הײמען פֿון פֿרעמדע געגאַן זײַנען רױכן...
בײַ ניד׳ריקע פּלױטן
געװאַרט האָבן פֿרישע צעאַקערטע בײטן...
מיט עלנט־געבעט און מיט פּחד געהײמען
געזײט האָב איך זוימען בײַ װילד־פֿרעמדע הײמען.

אױף ערדן אױף װײכע איצט שטײ איך ביז קנעכל
אױף אײגענע בײטן אין לײדן פֿאַרזײטע...

כ׳באַשװער אײַך הײַנט, פֿױגלען, אײַך װינטן, אײַך האָגלען!
מײַן זײונג ניט קלײַבן, מײַן זײונג ניט שלאָגן!
איך האָב מיר מײַן זײונג אױף אַקסלען דערטראָגן
פֿון װעגן פֿון װײַטע, פֿון װאַנדער, פֿון װאָגל...

* געקלױבן — געקליבן.

*

איך גלייב, ס'איז מיר באַשערט
אויף מײַן ירושה־ערד
דעם אַש פון אַלע שׂרפות אויסצוראַמען
און אָט די ערד אויף ס'נײַ פאַרצאַמען.
איך ווייס קיין וואָג, איך ווייס קיין צאָל,
איך האָב קיין מאָס־שנור ניט געצויגן, —
נאָר זײַלן בלאַנקען שוין אין לופט־קרישטאָל
און פירן מײַנע אויגן,
און שײַן פון ווענט פון שלאַנקע, ווי יריעות,
מיט מוטערפּערל שפּילט אויף מײַנע וויִעס!
און ס'איז אין האַרץ פאַר יעדן שטראָל
שוין גרייט
אַ נעסט פון פרייד...

*

...אַ דאַנק אײַך, װאַנדער־װעגן ברײטע!
פֿאַר מידע גלידער, װאַנדער־שטויב,
פֿאַר נעכט בײַ פֿײַערן, פֿאַר טעג צעזײטע,
פֿאַר אַלע צײכנס פֿון מײַן גאַנג —
אײַך אַלע מײַן געזאַנג!

*

איך בין, מײַן וועלט, אויף ס׳נײַ צו דיר געקומען !
איך האָב מיך קוים מיט ברעג פון נאַכט געזעגנט,
האָט שוין מײַן אויג מיט העלער שײַן באַרעגנט
דעם ברייטן גלאַנץ פון דײַנע הויכע זײַלן !..
איך בין, מײַן וועלט, אויף ס׳נײַ צו דיר געקומען
אַ טאָג אַ ליכטיקן בײַ דיר פאַרווײַלן.

אויף ס׳נײַ האָב איך הײַנט אָנגעקלונגען
אין גרויסן גלאָק בײַם דורכזיכטיקן טויער,
מיט נײַער פרייד האָט נאָכגעזונגען
דעם לויטער־קלאַנג מײַן ציטעריקער אויער...
פון ענגער שטײַג פון שטײַפע ריפּן
מײַן האַרץ זיך רײַסט מיט מונטערדיקן קלאַפּן,
מיט דאָרשט זיך ציִען מײַנע ליפּן
נאָך יעדן לופטיקן פרימאָרגנדיקן טראָפּן,
עס קלינגט מײַן צונג, עס שאַלט מײַן גומען :
איך בין, מײַן וועלט, אויף ס׳נײַ צו דיר געקומען !

## נײַיאָר

ער האָט דעם קאָפּ אין רוים געהויבן,
ער האָט געקנייטשט דעם נידעריקן שטערן
און האָט אין ציטערדיקן גלויבן
געפרעגט די פינקלדיקע שטערן.

מיט ווײַסע קאַרבן אויף אַ צווײַג
באַצייכנט האָט ער שטום
דעם גאַנג פון די מזלות.
— — — — — — — —

און דורות שטאַרבן
אויף ערדישן אַרום.
און דורות שטײַגן
— — — — — —

איך האָב פאַרברייטערט שוין
מײַן גרויסע מיט —
אומענדלעכקייט איז איצט מײַן לוין
פאַר מײַנע שווערע טריט.

מײַן ווײַטער זיידע!
הײַנט ציט צו דיר
אין ווייסטער הייל —
דײַן ווילדע פרייד,

דײַן װילדן פּחד טײלן,
אין ערשטן װאַלד־געריוש
דעם קאָפּ צעמישן,
אױף ערשטן מאָכן־קישן
מײַן האַרץ צו הײלן.

1.1.1914

*

די זון האָט היינט צום נייעם פאַנצער מיינעם
די לעצטע גאָלד׳נע ליסקע צוגעלייט
און מיר פאַרמישט פון כישוף־וויינען
אַ בעכער פרייד.

און אונטער גרינגער לאַסט פון גאָלד׳נע רינגען
האָב איך געקניט צו צאַרטער האַנט
און האָב מיט הייסן דאַרשט געשלונגען
פון קילן ראַנד...

דאָס וויפלטע שוין מאָל? איך וויל ניט ציילן —
איך בין היינט אָנגעגורט מיט זונען־שיין,
איך גיי אָן מורא היינט אין אַלע שוואַרצע היילן
פון וועלט און זיין...

## פעלדער

*

דאָרט אויף בלויע נאַכטן־שנייען
צווישן הוילע ביימער־ריטער
שפּאַנט מײַן מלאך, שפּאַנט דער היטער
פון די ערשטע שטומע ווייען...

אונטער הויכן, הייסן הימל,
אויף באַזונטע ברייטע ווײַטן
שוועבט מײַן יוגנט אַ פאַרשײַטע
אין אַ גאָלדן קאָרן־רעמל.

שנייען, ברייטן, הימלען קלאָרע —
אײַך מײַן ערשטע, אײַך מײַן לויטערע אַזכּרה!..

## אין ווינטער־פֿאַרנאַכטן

א

דאָרט איבער שטעט האָט שוין געקלונגען
פֿון שפּיץ פֿון טורעם אי איינס, אי צוויי...
אין תּהום פֿון נאַכט, אין לאַנד פֿון שניי
איז איינס אַ דערפֿעלע פֿאַרזונקען...

ווי אינדזעלער פֿון מענטשן־רו,
אין שטרוי פֿאַרהילט, אויף נאַכט פֿאַרוואַרעמט,
מיט שטאַל און פּלויט אין שלאָף געאַרעמט
פֿאַר הײַזעלע אַ הײַזל האַלט זיך צו.

די שטערנדיקע שטילקייט הערט זיך אײַן
אין שטילן אָטעם פֿונעם לעבן —
אין הײַזל איינעם איז פֿאַרבליבן
אַ שטילע ראָד פֿון לאָמפּן־שײַן...

די שלעפֿערדיקע ווינקלען הערן קוים
פֿון טיש אַ שאָרך פֿון בלעטער,
נאָר יונגע אויגן ווערן אַלץ ניט זעטער...

אַ בינטל ציטעריקע יאָר
פֿאַרזונקען איז אין שטראָם פֿון צײַטן,
אַ שאַרפֿער בליק — אין ווײַטסטע ווײַטן,
אַ יונגער גײַסט — אין וועלט, אין גאָר...

עס שטאַמט מײַן מוט פֿון יענער נאַכט,
פֿון יענער נאַכט — מײַן שטאָלצער טרויער,
כ׳האָב איינזאַם־פֿרײַ שוין דאָן געוואַכט
בײַ לעבנס־טיר, בײַם וועלטנס־טויער.

ב

אין ווינטער־פֿאַרנאַכטן אויף רוסישע פֿעלדער!
ווי קאָן מען זײַן עלנטער, ווי קאָן מען זײַן עלנטער.

אַ פֿערדל אַן אַלטינקס, אַ סקריפּנדער שליטן,
אַ שליאַך אַ פֿאַרשנייטער — און איך בין אין מיטן.

פֿון אונטן, אין איינציקן ווינקל אין בלאָסן,
נאָך לעשן זיך טרויעריק טלינענדע פֿאָסן.

פֿון פֿאָרנט פֿאַרשפּרייט זיך אַ מידבר אַ ווײַסער,
און ווײַט דאָרט צעזייט איז אַ צענדליקל הײַזער,
דאָרט דרעמלט אַ כוטאָר, פֿאַרזונקען אין שנייען...

צום ייִדישן הײַזל פֿיל סטעזשקעלער גייען,
אַ הײַזל, ווי אַלע, נאָר גרעסער די פֿענצטער,
און צווישן די קינדער דאָרט בין איך דער עלטסטער...

און ענג איז מײַן וועלטל, און קליין איז מײַן רעדל:
אין צוויי וואָכן איין מאָל פֿון כוטאָר אין שטעטל,

און בענקען אין שוויַיגן פון פעלדער פון ברייטע,
פון וועגן און וועגלעך פאַרשנייטע, פאַרווייטע...

און טראָגן אין האַרצן פאַרבאָרגענע ווייען
פון זוימען, וואָס וואַרטן און וואַרטן אויף זייען...

אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער!
ווו קאָן מען זײַן עלנטער, ווו קאָן מען זײַן עלנטער?

ג

אַוועק דער שבת שוין...
אויף ווײַטע שנייען
אַ גרויסער עמעצער
שיט גראָוון אַש...
אין קליינעם קלייטעלע
שוין וואַרטן צווייען:
אַ טונקל שיקסעלע,
אַ שוואַרצע פלאַש.

די בײַטש איז אויסגערוט,
דאָרט צווישן אויוון
איז זי מיט פינצטערניש
געדיכט פאַרשטעקט.
אַ נעפּל־טישטעכל
האָט דאָרטן אויבן
דאָס לעצטע קוילעטשל
שוין שטיל פאַרדעקט...

דער טאַטע האָט אָפּגעריכט
די דריטע סעודה
און ווערט מיט טונקלקייט
מיט טיש פאַרוועבט,
און צווישן שוועסטערלעך
און שאָטנס מידע
אַ מורמל־פעדעמל
זיך וועבט און וועבט...

די מאַמע זוכט אין שויב
אַ ווײַטן שטערן —
און ניט געפונען אים
און זיצט פאַרטראַכט...
איך זינק אין אומעטקייט
און וויל ניט קלערן,
אַז ס'וואַרט די קו אויף מיר,
אויף היי, אויף נאַכט...

*

אַ קאַלטער פאַרצאַרנטער אָוונט
אויף ווײַסע פאַרגעסענע פעלדער.
פון אַלעמען ציט מיט אורעלטער
און אַלעס איז ווײַט מיר און נאָענט.

אַן אַלטער שאָסיי אַ באַקאַנטער
מיר טרײַבט אַלץ די סטויפּעס אַנטקעגן,
עס דאַכט זיך מיר אויסעט, איך וואַנדער
אויף פרעמדע פאַרצויבערטע וועגן...

אָט שטייט דאָרט אַ וועלדל — אַ שווײַגנדע עדה —
און ס׳לויפן אַלץ סטויפּעס, און ס׳הודען אַלץ דראָטן...
אויף פעלדער אויף ווײַסע מיר יאָגן זיךביידע —
מײַן שאָטן נאָך מיר נאָך, און איך נאָך מײַן שאָטן...

*

די קריִע גייט —
און ברעגן נעמען ברייט
דעם וואַסער־יאָך
אויף אַקסלען ווייך־באַוואַקסענע,
און לאָזעס בוקן זיך
פאַר זונען־פרייד...

און לאָזעס איינע וועלן די פאַרהיילטע דראַפּן
אין פרישן טײַך באַנײַען,
און איינע וועט עס אונטערשווענקען,
מיט וואָרצלען זיי פאַרכאַפּן
און פירן אין די וואַסער־לענגען...

נאָר העל איז זונען־פרייד!
אויף טײַך אויף פרײַען קריִע גייט!
און שטענגלער בוקן זיך:
מיר זײַנען גרייט, מיר זײַנען גרייט...

## פרילינג

א

טאָג נאָך טאָג שוין ציט פון דרום,
ס׳איז מײַן שטיבל קליין און אָרעם,
ס׳קאָן מײַן טיר מיך ניט פאַרהאַלטן...

טאָג נאָך טאָג שוין ציט פון דרום...
עמעץ דאָרט אין וועלטן־עקן
וויקלט איבער אַ יריעה,
און אין אירע טיפע פאַלדן
פלאָנטער איך זיך פון באַגינען
ביז פאַרפלאַמטן ראַנד פון שקיעה...

ב

די שנייען־טוכן ליגן ניט באַרירט
דאָרט אין באַהעלטעניש פון וואַלד פון טיפן —
נאָר ווּ אַ וועג אַ העלער פירט,
איז יעדער צווײַג מיט ווינט שוין דורכגעשליפן.

בײַ נאַכט אויף פעלד נאָך שניצן זיך און מאָלן
די לעצטע אויסגעוועפטע פרעסט.
אומזיסט!
דער היישעריק דער ווינטישער דערעסט
די פוילע שנייען אין די טאָלן.

און אונטער זון !
פון בערגלעך ציט אַ בוימלדיקער רויך,
און שוואַרצער זאַפט פון ערד זיך זאַמלט אין די היילן...
און אונטער זון !
אַלץ גרינגער וואַרפט דער קאָפּ זיך אין דער הייך
אין שנור פאַרבראָכענעם די בושעלעס צו ציילן...

## האַלב מײַ

דער טאָג פֿאַרגייט...
אַ טאָג — אַ וועלט אַ גאַנצע — האַלט בײַ זינקען
און שטעלט די לעצטע טריט אויף הימלס נידער־טרעפּ.
זײַן פֿײַער־קלייד
האָט מײַנע אויג־מלוכות שוין פֿאַרטרונקען
מיט זײַן צעוואָרפֿענעם באַפּײַכטן שלעפּ.
און מיט געוואַלד
האָט ער מיט גאָלד׳נע קייטן צוגעצויגן
די גאַנצע ווײַט אַרום צו זײַן פֿאַרגאַנג:
דעם בלויען וואַלד,
דאָס גאַנצע וועזן מײַנס דורך מײַנע אויגן
און אויף די יונגע פֿעלדער יעדער וויקל־זאַנג.

## אין וואַלד

ס׳איז האַלבער טאָג. ס׳איז מיד דאָס אויג פון שייַן.
דער מוח — אָנגעזױפט מיט פינקלען.
דורך הויכע זייַלן כ׳גיי אַרייַן אין שטילע ווינקלען,
אויף שאָטן כ׳לייג זיך צו, מיט שאָטן כ׳דעק זיך איַין.

און ווער פאַרקליינט, פאַרדינט. ביַי מורעשקעס אין הויפן
פון הויכן טורעם קלינגט אַ גלאָק!
מיליאָנען פיס דאָרט האַלטן אין איין לויפן
פון טיר צו טיר, פון שטאָק אויף שטאָק.

אָט איַילט דאָ איינע נעבן מיר. מיט גרויסער האַנט
כ׳האַק איבער איר דעם וועג און קוק, אַז לאַכן,
ווי בריהש וואַרפט זי זיך, ווי אויף אַ גלייַכן,
און ס׳ברענט אין האַרץ ביַי איר אַ פייַער־בראַנד.

אָט בין איך ווידער גרויס, כ׳שטיי אויף און גלייַך זיך אויס.
ווי הויך די זון איז, כ׳גיב אַ קוק דורך הויכע פענצטער —
איצט צווישן ביימער־ברידער בין איך שוין דער קלענסטער
און טראָג אַרויס מייַן יונגע פרייד פון זייער הויז...

*

עס זײַנען פֿאַרפּולט שוין די פֿעלדער מיט שײַן
אוּן גײען שוין איבער;
אוּן װאַלדישע ברעגן ניט האַלטן שוין אײַן —
אוּן זון גײט אַריבער.

אוּן ס׳העלן זיך װעלדער פֿון בערגל ביז טאָל,
אוּן ס׳בלײכן זיך מאָכן.
אוּן ס׳זײַנען שוין זוניקע פֿלעקן אַן צאָל
אַהין אויך פֿאַרקראָכן...

**שניט**

גיי איך אַרום מיט פאַרהײַטלטע בליקן
אין כוואַליעס פון היץ,
אין זאַנגישע גאָלדן זיך טוקן
פלעקן פון ציץ...

ס'וויל קיינער ניט שטויבן אויף דרעמל פון וועגן...
ס'וויל קיינער ניט פרעגן,
וואָס בויטע איך כוואַליעס פון היץ ?
וואָס זוך איך מיט הײַטלעך אויף בליקן ?..
אין זאַנגישע גאָלדן זיך טוקן
פלעקן פון ציץ...

## אין וועג

אָשר שוואַרצמאַנען

ס'איז העל דער טאָג. ס'איז שטיל די הויל
פון פעלדער ברייטע!
אויף ווינטן וואַרט אַ גראָזן־קנויל
מיט זוימען ניט צעזייטע...

אין טאָלן דאָרט שוין גרייט דער האַרבסט
דעם פּײַכטן זשאַווער...
אין קלאָרער רו זײַ הײַנט, מײַן האַרץ,
דעם העלן טאָג אַ חבר!

## לעצטע טעג

אויב ניט דער לעצטער איז ער שוין, דער טאָג דער בלאַסער,
ער ראַמט ווי אויס די מינדסטע שפּור פון שײַן —
אַ ווינט קומט אָן און קנייטשט דאָס שטאָל פון וואַסער
און יאָגט געשווינד אין העלן וואַלד אַרײַן.

פאַרלאָזן שטייען לאַנג די הויכע טיר און טויער —
אַ שאָרך פון בלעטער אים באַווײַזט דעם וועג,
ער זעט, ס׳איז אַלץ שוין גרייט צום טיפן טרויער,
צו גרויער רעגן־נעץ פון חשוון־טעג...

נאָר אָט אַ לאָנקעלע — דעם אָטעם האַלט ער אײַן —
ווי קליינע קינדערלעך אַרום אַ פולער מולטער,
דאָרט שטייען רויטע דעמבעלעך אין העלער שײַן...
דער ווינט — ער קוקט און ווערט אַלץ מילדער, מילדער.

און פאַר פאַרגיין שוין בלײַבט די זון אַ ביסל שטיין —
מיט לאָנקעלער אין וואַלד האָט זי זיך ניט געזעגנט.
ס׳איז נאָך אַ טאָג געשענקט פאַר אונדזער געגנט,
ס׳האָט נאָך אַ שטילער טאָג געלאָזט זײַן העל געביין !..

*

די נאַסע נעץ פון טריבער חשוון־צײַט
האָט נאָך גאַנץ פרי אַ העלע שעה געפאַנגען
און פאַר אַ פליגעלע אַ ווײַס אין מיזרח־זײַט
זי אויפגעהאַנגען...

און ס׳האָט מײַן האַרץ געזען ביז טיפער נאַכט,
ווי העלע פעדערלעך האָבן הויך געפלאַטערט,
ווי וויַעס העלע האָבן זיך שטילערהייט פאַרמאַכט,
פאַרשמאַכט, פאַרמאַטערט...

## האַרבסט

ד. בערגעלסאָנען

אין לאַנגן דויערן פון נאַכט פון טריבער
איין טאָג דעם צווייטן
אין גראָווע פּאַלעס ברייטע
דעם קאַלטן טוי גיט איבער.

אַן אַלטער טויער לאָזט אַרויס
אַ הייַפל שטילע רינדער
אויף בעטלערישן זוכן
אין אָרעמען אַרום.

עס שפּרינגט זיך דורך
פון הויז צו הויז
אַ באָרוועס בינטל קינדער,
און קאַלטע קאַליוזשעס זיך קוקן אום,
ווי פיסלעך טונקעלע זיי מײַדן אויס.

אַ ווינט כאַפּט אויס
פון מויל
אַ פריילעך קול,
אַ בייזן הוסט,
און ווידער שטום,
און ווידער הויל,
און ווידער פּוסט...

# קאַווקאַז

*

אַ רוישנדיקע גאַס אַרויף אַ באַרג,
פון מענטשן, פערד און רעדער אַ געווימל,
אַ הויכע שטיק סוף־זומערדיקן הימל —
וואָס דאַרפסטו נאָך, וואָס איז דיר קאַרג ?

דעם רוישנדיקן טאָג, וואָס יאָגט פאַרביַי,
האָסטו ביַיד נאָך, ווי אַ קינד, צו קוקן
אין פּנים גליַיך, אין שוועבנדיקן רוקן,
הייב אויף דעם קאָפּ, ביסט איינזאַם־פריַי !

אַן אַנדער לעפל לופט פון הימלשן געצעלט !
אַ צוויַיג אַן אַנדערע פאַר נעסט פאַר דיַינעם ! —
צי איז דאָס ווערט, זאָלסט וועגן דעם גאָר טענהן
מיט גאָרער טרויעריקער וועלט ?

פאַר וואָס, זאָג, אויף דער וועלט דאָ גיסטו אָפּ
דעם מינדסטן ריר פון האַרץ פון בלינד־פאַרשיַיטן ?
איין־איינציק הערעלע פון ווילדן שיַיטל
פון דיַין אַנטפּלעקטן שטאָלצן קאָפּ ?..

*

Мы ночевали на казачьих постах.
**А. Пушкин**

און ס'איז מײַן פּײַן פֿאַר מיר דערמיט באַרעכטיקט
און ס'איז דערפֿאַר מײַן בענקשאַפֿט אָפּט מיר זיס:
עס האָט זײַן קאָפּ דאָ אויף דעם באַרג גענעכטיקט,
עס האָבן אָט דעם וועג באַטראָטן זײַנע פֿיס.

פֿון צאַרטער יוגנט דאָרט אויף פֿעלדער־ברייטן
שוועבט שטענדיק איבער מיר זײַן פֿרײַער גײַסט,
זײַן רו זײַן ליכטיקע מײַן קאָפּ באַקרײַזט
אין טריבער שעה פֿון צער און קנעכטן־לײדן...

דאָ צווישן גלאַנץ פֿון בערג און שרעק פֿון היילן
מײַן גײַסט באַהערשט זײַן ווילדע הייסע פֿרייד —
איך קום, ווי ער, פֿון ברייטער ווײַט, פֿון ווײַטער ברייט,
אַ קנעכט — אַ האַר, און וויל זײַן פֿרייד דאָ טיילן.

## אין אַרמעניע

איך האָב געפרעגט דעם וועג אויף פרעמדער שפּראַך,
און איילבערט־אויגן האָבן זיך פאַרוואונדערט:
זי האָט פון איריקע מיך גאָר ניט אָפּגעזונדערט —
כ׳בין ברוין און שטײַף, שוואַרץ־אויגיק איר צוגלײַך...

און איילבערט־אויגן מיך באַגלייטן
פון שטילער טיר פון אָפּגעקאַלכטן הויז...
אויף טונקלען טאָל מיט קנייטשן ברייטע
דורך שמאָלן געסל פירט די שטאָט אַרויס.

פון אונטן — אַלאַגיאָז* אין בלויע שנייען!
אָן דעכער הײַזעלער, ווי אָפּגעברענט,
מיט קיזיקעס באַקלעפּט די גרויע ווענט,
און שאַכטלען קיזיקעס בײַ פלויטן שטייען!

עס זינגט מײַן האַרץ פון הייסער פרייד!
איר זײַט מיר נאָענט, איילבערט־אויגן, בערג און שנייען.
איר, צעלטן קנעכטישע, איר, שטומע ווייען
פון אַלטער אָרעמקייט און דורות־לייד.

* אַלאַגיאָז — אַ באַרג אין אַרמעניע.

*

אין הימל־רוים
צעגייט און ווערט שוין בלאַס
דער לעצטער זוים,
דער גליִענדיקער פּאַס...

אַ בינטל ווינטעלעך
פון איבער באַרג
זיך גנבעט שטיל
איןברייטן טאָל...
נאָר ביימער איז דאָ קאַרג
פאַר אַלע מיט אַ מאָל —
און ס׳ווערט אַ לאָדעניש,
און ס׳ווערט אַ שפּיל
פאַר יעדער צווייַג,
פאַר יעדער בלאַט, —
און איך, איך מיש זיך ניט — איך שווייַג
אין טומלדיקער רו...
איך הער זיך צו.

*



איך שטײַג שוין דאָ צוויי טעג —
איך העלף שוין קוים דעם וועג
זיך דראַפּען אין דער הייך.

פון אונטער יעדן שטיין
מיר ווינקט מיט קילן חן
אַ שטיקל אינדערפרי —

נאָר ס'שטייט די זון שוין הויך,
און יעדער שפּאַן איז מי...

און יעדער שפּאַן וואַרפט אָפּ
דעם שווינדיקן „אַראָפּ"
אויף נאָך אַ פולן גליד,

און יעדער שפּאַן וועקט אויף
דעם שטײַגיקן „אַרויף"
מיט יונגער, גרינגער קני —

און ס'זינגט מײַן יעדער גליד,
און זיס איז מיר מײַן מי...

איך וועל אין שטילן טאָל
דערציילן נאָך אַ מאָל,
דערציילן אין דער הייך,

אַז כ׳האָב צוויי יונגע טעג
געהאָלפן דאָ אַ וועג
זיך דראַפּען אין דער הייך...

*

לא ברוח יהוה...
לא ברעש יהוה ...
לא באש יהוה...
ואחר האש קול דממה דקה
(מלכים א׳ יט, יא—יב)

פון בערג גייט אַ שטורעם.
דאָרט פּאָכעט מיט פײַער
אַ מעכטיקער אָרעם
אויף קנויליקע הייכן
און טרײַבט אין די היילן
דעם חושך פון וועלט!

אויב דו ביסט אין שטילקייט,
איז שטילקייט מיר טײַער...
נאָר ס׳ציט מיך אויך שטורעם,
און פײַער און רויכן,
און ענגקייט פון היילן,
און חושך פון וועלט!..

# פאַר טאָג

*

אָ צײַט, אָ צאָל, אָ רוים,
איך שפּאַן אַרום מיט יונגע טריט
אויף שוועבנדיקן ברעגן־זוים
פון אײַער גרויסער מיט !..
נאָך מיר אויף פּײַכטן זאַמד
מײַן שאָטן שפּאַנט.
מיט גרינגע פינגער האַלט איך קוים
מײַן ווענטקע אין דער האַנט,
כ׳וואַרף זי אין די טיפן
פון אײַער גרייס.
און טראָפּנס אייביקייט מיר טריפן
אין לויכטנדיקער אויגן־שאַרף
פון אַלץ, וואָס כ׳צי אַרויס...

*

שטרעק איך אויסעט מײַנע אָרעמס,
מײַנע דאָרשטיקע, זיך צינענדיקע גלידער —
מיזרח, מערב, צפון, דרום,
הייך און נידער,
שווינדלענדיקע ווינקלען
פון מײַן ברייטן הויז!
לאָזט מיך זען, ווי וועלטן רינגלען
אײַער גרייס!
שפּרייט איך ברייטער
פליגל־גלידער...
רעכטן, לינקן,
הייך און נידער,
אַלעמען מײַן נייג!
צוגעשמידט צום ערדן־רינגל,
שיק איך אויס אין יעדן ווינקל
שפּיזן פון מײַן אויג!

*

ס׳האָט מײַן מאַמע
נאָך פון אָנהייב פון מײַן וועזן
דאָרט אויף הויכן בלויען סאַמעט
מיר באַוויזן
אָט דאָס טעלערל פון הימל.
כ׳האָב אַהינצו זיך געצויגן
פון די צאַרטע אָרעמס־רינגען,
כ׳האָב אַהין שוין דאַן פאַרוואָרפן
ערשטע פונקען
פונעם דאָרשט פון מײַנע אויגן...

העלינק טעלערל פון הימל!
כ׳בין הײַנט ווידער קינדעריש אָרעם,
כ׳בין הײַנט ווידער קינדעריש רײַך,
כ׳שטרעק הײַנט אויס מײַן בלאַסן אָרעם
אין דײַן הויכן קיניגרײַך.
כ׳וויל דעם בלוי דאָרט הײַנט צעבויטען...
וועט אַ בת־קול זיך דאָרט הוידען
אין אַ שטערן־נעץ אַ גרינגער,
וועט מיך וואָר׳נען, וועט מיר ווינקען
מיט אַ שטערנדיקן פינגער —
וועט גענוג מיר זײַן אויף הײַנט...

## אַן עפּל

דו, ריינער לאָגל פול מיט וויַן, מיט שנייִיק האַרטן,
ווי דורכזיכטיק, ווי דופטיק איז דיַין דינינק הײַטל,
ווי מילד פאַרזיגלט ביסט מיט שטעמפּעלעך מיט צאַרטע
פון ביידע זײַטן!

וואָס זאָל איך טאָן? די ציין, דער גומען וואַרטן.
ווי זאָלן זיך די אויגן שוין צעשיידן
מיט אַזאַ גרוס אַ העלן אַ געגאַרטן
פון פרילינגס־פריידן?

אַ ווײַטער גרוס פון ווײַסע בליטן,
פון ערדן־רויך מיט זונען־שטראַלן,
נאָר אָט די ציין — זיי וואַרטן, היטן,
אַ ביס — פאַרפאַלן...

*

כ׳האָב דערזען זי בײַם טײַך
אונטער צווײַגן,
אונטער גרינעם, מיט הימל פּאַרלאַטעטן דאַך.
אין אַ פּאָר צענדלינג טריט,
אויף דעם ערדישן שווײַגן
האָט געשטומט דאָרט אַ שטיין,
אַ פֿאַרעקשנטער גליד
פֿון מײַן אורלאַנדס צעזייטן, צעשטויבטן געביין...

כ׳האָב דערזען זי אין נאַקעטער פֿרייד פֿון איר לײַב,
אין צעפֿלאָסענער קרוין פֿון די דופּטיקע האָר,
כ׳האָב דערהערט פֿון די טיפֿן פֿון אוריונגע יאָר:
— אָט אָ־די רופֿט מען ווײַב!

*

אין ענגן צימער
אויף שוואַרצע שטרענגע בענקלעך צוויי
אין אָנמאַכט ליגן אונדזערע צעקנייטשטע קליידער...

ווי אויף אַ ברעג,
אויף זאַמד,
דאָרט וואַרטן זיי,
די הײַפּעלעך פאַרלאָזטע קליידער...

כ׳בין ווײַט פון ווענט, פון שטעט אַוועקגעשווומען —
אַרום איז וועלט־גערוים,
און כוואַליעס יאָגן זיך און אָטעמען מיט שוים...
מײַן ליבע, אײַל ניט צומאַכן דײַן טונקלען בליק,
אין זײַן צעבויטעטן באַפּײַכטן שפּיגל
איצט קוק איך אַלץ אַהין,
אין ליכטיקן פאַרגעסענעם צוריק!..

*

אַ נעפּל איבער גאַסן —
לאַמטערנס שטיקן זיך און פינקלען,
אַראָפּ די שפּיצן, אָפּגעהאַקט די קאַנטן,
פאַרשמירט די ווינקלען —
געבײַדעס־הויפנס שטייען שטום
אויף פײַכטער ערד...
אַזוי פיל נעכט דאָ גיי איך אום
אַהין, אַהער —
אַ שטילער וועכטער...
אָ, הער נאָר, הער!
אין נעפּל קלינגט
אַ יונג געלעכטער —
דאָס גייען צוויי מיט טראָט מיט איינעם...
— — — — — — — — — — — — —

געדענקסט אַן אָוונט פּונקט אַזוינעם?..

## אָוונט

געליבטע!
די וועלט האָט איצט אין אונדז פאַרגעסן,
ווי פריִער מיר אין איר...
מע האָט אונדז ניט געפרעגט
און דאָרטן נאַכט געמאַכט
אויף גלוסטיק רווישנדיקער גאַס...
די אָוונטיקע טיר
איז שטיל און בלאַס,
נאָר טויב און שטום פאַרשלאָסן...
אויף העליש־רויטן שטאָף
פון אונדזער אַלטער סאָפע
האָט זיך שוין נאַכטן־טינט צעגאָסן.
מײַן ליבע! לייג די האַנט מיר אויפן קאָפּ
אַזוי...
אַנטקעגן יעדן ריר פון דײַנע פינגער
אויף אַש פון האַרצן־בראַנד
זיך שלענגלט דורך
אַ שטיל פאַרבענקטער צאַנק...
אַ דאַנק דיר, פרוי,
אַ דאַנק דיר, ווײַב,
פאַר יעדן טראָפּן טוי,
פאַר יעדן ציטער פון דײַן שטענדיק דאָרשטיק לײַב!..

*

ווי טרויעריק־זיס איז מענטש צו זײַן!
זײַן אַלט נאָר פֿינף חדשים,
אין ווייכן קעפּל
פֿאַרמאָגן
אַ פּיצעלע באַוווסטזײַן־נעפּל,
אויף האַלדז —
אַ בייגעלע אַ ביינערנס,
אויף לײַב —
אַ העמדעלע
מיט בענדעלעך מיט פֿײַנע,
אַ מײַלעכל
אַ פּולס מיט שטומער זויגן־טענה...
און אַלע מאָל
אין איין געפּיל זיך טרינקען,
ביז שפּיץ פֿאַרריסן נעזל אין אים זינקען
און האָבן איין געדאַנק, אַ לויטערן, אַ ריינעם:
איצט מויל און ברוסט שוין דאַרפֿן זײַן אין איינעם.
אויף אַלע אברימלעך אַלץ נעענטער זיך רוקן,
מיט ליפּן־קלאַמערלעך פֿאַרכאַפּן, דריקן
און זויגן, זויגן
מיט ליפּן, הענט און פֿיס און מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

ווי טרויעריק־זיס איז מענטש צו זײַן!

אין טיף פֿון נאַכט פֿון שפּעטער
אין קליינעם קערפּערל דערפֿילן אַ געוויטער,
און אַז אַ קינדער־שיר, אַז אויפֿהער שרײַען, שרײַען,

און נײַע קראַפט און נײַע כּוחות ערגעץ לײַען,
געפילדערן מיט העלדזול, פיסלער, העגטלער
און צאַפּלען, דראַפּלען זיך אויף טאַטע־מאַמעס ווענטלער.
ווי פּלוצעם אָנגעהויבן, אַזוי פאַרשוויגן ווערן,
מיט נאַסע ווײַעס עפּענען טרוקענע אויגן
און קוקן, קוקן, ווי דאָס שוואַרצע פענצטער ווערט פאַרצויגן
מיט הימל סאַמעט־בלויען, מיט פּיצלעך נעץ פון שטערן...

ווי טרויעריק־זיס איז מענטש צו זײַן!

אויפן הויך דערהויבענעם פראָנטאָן
פון שיין געבויטן שאַרבן
פאַרמאָגן טיפע צייכנס, צײַטן־קאַרבן,
אַ שײַטל האָר פאַרדינטע, שיטערע מיט זילבער־שטריכן,
אַן אויג, וואָס שלינגט דעם רוים אין לויף אין גיכן,
אַ האַרץ, אין יעדער רגע גרייט פון פרייד און לייד צו שטאַרבן,
און איין מאָל פּלוצלינג, אין טיף פון נאַכט פון שפּעטער,
דערפילן אַ פאַרבאָרגענעם נשמה־ציטער
און אַן אַ ריר נאָר זײַן שוין וואַר,
מיט יעדן אַטאָם שפּירן,
ווי פליגל פון דער אייביקייט זיך רירן,
און וויסן אַזוי ביטער ווינציק,
נאָר וויסן, אַז, אַ שטייגער,
איצט אָדער צוויי און אפשר דרײַ שוין ווײַזט דער זייגער.
און ליגן שטיל אין גלי, אין פּײַן אין זיסער,
מיט יעדן פאָדעם פון דעם האַרץ געוואַלטיק נאָגן,
אַז יעדער ברודער מענטש זאָל פון דעם וויי דערוויסן,
אַז יעדער ברודער מענטש זאָל אָט די פרייד פאַרמאָגן:
ווי טרויעריק־זיס איז מענטש צו זײַן!..

## וויגליד

איך וויג דײַן וויגעלע
און זינג אין אויערל,
ס׳האָט דאָרט אַ ריגעלע
פֿאַרמאַכט אַ טויערל.

פֿאַראַן דאָרט גלעזעלעך
אין קליינעם מוח׳ל,
פֿון יעדן בלעזעלע
דאָרט בלײַבט אַ היכל.

פֿון טויען הערעלעך,
פֿון טויען שטויבעלעך,
דאָרט ווערן פּערעלעך
אויף דײַנע שײַבעלעך.

און יעדער פּערעלע
וועט זײַן אַ שפּיגעלע,
אין יעדן פּערעלע
וועט שטיין אַ ציגעלע.

אַ קלאָר ווײַס ציגעלע,
אַ, אַ, ליו־ליו־ליו...
וויג, וויג זיך, וויגעלע,
אַ, אַ, ליו־ליו־ליו...

## נעמען

ווי קליינע וועלפּעלעך זיך שפּילן מײַנע קינדער,
ווי קליינע וועלפּעלעך נאָך ביידע:
דער עלטסטער שמאַי הייסט —
אַזוי געהייסן האָט מײַן זיידע,
אין טויבן שטעטעלע אַ זקן האַלב אַ בלינדער, —
און הלל הייסט דער צווייטער...
אַן אַנדער נאָמען האָט געוואָרט
אויף שטאָפּל נאָענטן פון שאָטנדיקן לייטער,
נאָר איך פון מיט פון וועלט פון ברייטער,
פון זודיקן געווימל
האָב פּלוצעם דאָרט דערזען,
ווי ס'שוועבט דער הויך פון צאַרטע יאָרן מײַנע
דאָרט איבער אַלטן נעסטן־שימל —
און שמאַי איינער הייסט,
און הלל הייסט דער צווייטער...

ווי קליינע וועלפּעלעך זיך שפּילן מײַנע קינדער,
ווי קליינע וועלפּעלעך נאָך ביידע
און דראַפּען איינס דאָס צווייטע
פון בייזן קוק מיט פײַערלעך מיט ווילדע.

און איך — איך קוק מיט בליקן אײַנגעשטילטע
פון האַרץ פון בלינדן,
ווי אַלטע נעמען קײַקלען זיך,
ווי קליינע וועלפּעלעך, ווי קנוילן יונגע גליקן...

## רו

י. דאָברושינען

אַ שטילער עמעצער האָט אײַנגערוימט מיר הײַנט:
האָסט נעכטן, גלייב זשע מיר, באַצאָלט דײַן אַלטן וואָכער —
און רו און קלאָרקייט זײַנען דײַנע פרײַנד
אויף גאַנצן טאָג.

פון טיפסטער טיף האָב איך געענטפערט אים — איך גלייב!
און פון מײַן פּנים באַלד האָט ער מיט וויכן פאָכער
מיט פרישן וויש אַראָפּגעשאַרט דעם שטויב
פון לעצטן טאָג.

ער האָט די צוויקעלער צעגלעט אַרום מײַן אויג,
אַ קוק געטאָן ביז גרונט פון פינצטערן שוואַרצאַפּל
און מיט אַ מילדן בענטשנדיקן נייג
פאַרלאָזט מײַן טיר.

און איבער רוישן־רויך פון טומלדיקער שטאָט
האָב איך דערזען די רו אויף יעדן זונען־שטאַפּל, —
און איך אַליין — אַ צאַנק פון רו־גענאָד
אין ווינקלען פיר.

*

אַוועק דער טאָג. פֿאַרגאַנגען שוין די לעצטע בײַטש פֿון נויט,
אַראָפּגעוואָרפֿן שוין דעם שווערן שפּאַן פֿון זאָרגן.
ס׳איז דאָ אַ דאַך, אַ טיש, פּאַפּיר און ברויט,
און פֿרײַ, אַ פֿרײַ בין איך אַ גאַנצן מאָרגן!

איך באָד זיך שטיל אין מיטן גאַס אין כוואַליעס רו...
פֿון נאַכט אַ ווינט געוועזן און האָט דאָרט אויבן
אַ שאַרע וואָלקנדלער צונויפֿגעקלויבן,*
זיי זײַנען איצט באַרוט, נאָר הערן זיך נאָך צו.

ס׳איז האַרבסט. ס׳איז שטענדיק וואַך די רוט פֿון ווינט.
ווי פֿרײַ איז איצט אויף פֿעלדער ברייטע.
ווו ס׳לאָקן וועגן ווײַטע, אומעטום פֿאַרגרייטע —
ווי גוט איז יונג און פֿויגל־פֿרײַ צו זײַן אַצינד!..

נאָך טרעפּלער עטלעכע... אָט איז זי שוין, מײַן טיר.
דאָרט וואַרט אַן אָוונט שוין אויף מיר, אַ לויטערער אַזוינער,
און נאָענט, נאָענט וועט מיר זײַן, ווי קיינער,
אין מיטן ראָד פֿון שײַן אַ בייגעלע פּאַפּיר.

* צונויפֿגעקלויבן — צונויפֿגעקליבן.

# אַ מילדער טאָג

משה כאַשטשעוואַצקין

איך האָב געשלעפּט פון פרי ביז נאַכט
זײַן אָנגעשטאָפּטן פּאַק מיט טומל,
צערעכנט האָט ער מיר שוין הינטער שטערנדיקן הימל,
כ'מוז מודה זײַן, ניט אָפּגענאַרט.
איך האָב פון אים עס ניט געוואַרט.

געשענקט אַ טיש מיט לאָמפּן־שײַן,
אויף טיש אַ צענדליק אַלטע קרעלן,
אַ טינטערל מיט אותיותלער, ווי שוואַרצינקע קאַרעלן,
איך צילע זיי, שניר אויס, שניר אײַן —
ווי קאָן אַ טאָג נאָך מילדער זײַן?

## אין צימער

אַ ווייכער בין־השמשותדיקער היבל
אין שטילקייט שוועבט איבערן צימער
און נעמט אַראָפּ די קאַנטן בײַ דעם מעבל
און לאָזט נאָר איבער פאַסיקלעך פון שימער.

ס'איז טונקל־שײַן, איך הער ניט אויף צו דענקען,
אַז ס'וועט צערינען אָט דער נעפּל,
אַז ס'וועט אויף הימל דאָרט נאָך הענגען
דער פֿײַערדיקער זונען־עפּל...

## אַ שפּענדעלע

דו, קליינינק שפּענדעלע, דו איינס,
דו קום מיט מיר, איך דאַרף אַזוינס,
דו ביסט מיר האַרציק טײַער!
איך דאַרף קיין סך, איך דאַרף נאָר איינס —
אַ קלייניגק שפּענדעלע אַזוינס —
צו בלאָזן פײַער!..

## גאַסן

### אין גאַס

איך שפּרייַז מיר דורך מייַן יונגן הייַנט פון גאַס אויף גאַס.
פון ווינקלען שאַטנדיקע שמעקט מיר מיט פרימאָרגן,
נאָר ס׳ווימלען שוין אַרום די שנאָרנדיקע זאָרגן
און קייַקלען קנייַלעכלעך פון הייסן האַס...
עס גליט די זון, און ווייך איז איבער קאָפּ דער הימל,
און כ׳שפּרייַז מיר פרייַ און שטיל פון גאַס אויף גאַס...
די זון אין איינעם מיט די שטייַפע דראָטן
אַ וועג באַווייַזט מיר אויף אַספאַלט מיט פעטע שאָטנס...
איך גיי אים נאָך, דעם וועג, איך בין אים טרייַ, ווי אַלע וועגן —
נאָר קומט מיר אָן אַ ברודער־מענטש מיט אייַלעניש אַנטקעגן,
ווי קאָן איך דען קיין שטיקל וועג אים ניט פאַרגינען ?
איך שפּאַר זיך שטיל אַראָפּ פון מייַנע שאָטנדיקע רעלסן —
מייַן וועג מייַן זוניקן וועל איך ניט פעלשן,
מייַן וועג מייַן זוניקן וועל איך געפינען...

*

בײַ טאָג, װען עס האַלט נאָך די זון איר אַלמעכטיקע שליטה
אויף שטויביקע גאַסן
און ס׳לאָזן זיך קנעטן אַספּאַלטן שוין מידע
דורך װײַבערשע העלע אָפּצאַסן,
דאַן װײַזט זיך אַ מאָל מיר נאָך אויסעט,
אַז ס׳איז דאָ פּאַר מיר עפּעס װיכטיק.
עס דאַכט זיך אַ מאָל מיר, אַז עפּעס אַ ליכטיקס,
פֿאַרברױנט נאָך פֿון זון און פֿון זאַפֿטיקן רעגן,
װעט פּלוצעם מיר קומען אַנטקעגן...
מיט אײנעם
אַ ריר נאָר אַ רײנעם
אָט װער איך באַפֿרײַט
פֿון מײַן לאַסטיקן קומער.
מײַן מאַנטל,
צעשליסן פֿון זומער,
מיט שטויב דורכגעשפּונען,
אָט גליטשט ער זיך שלאַנגיש אַראָפּעט,
און איך װער אַנטרונען...
נאָר הײבט אָן די זון זיך צו בײגן
און עמעץ פֿאַרנעמט און פֿאַרטרײַבט מײַנע בלאַנדזשענדע אויגן
אַהין, װוּ מיט בלוטיקן, רויטן
זיך גיסן שוין אָנעט די קאַרבן פֿון דעכער, —
אין שטאָט, מיט גערויש מיט שוין טויטן,
פֿון מיר בלײַבט דאַן מער ניט קײן זכר —
מיט קומער מיט אַלטן,
פֿאַרהילט אין מײַן שטויביקן מאַנטל,
דאַן װאַנדער איך דאָרט איבער טליִענדע רוימען —
זײ זײַנען איצט דאָרט, מײַנע װײַטע פֿאַרשלאָסענע הײמען...

*

ס'האָט הײַנט פון פעלד אַ פרישער ווינט
אויף הייסע גאַסן זיך פאַרקליבן
און ניט געוווּסט ווו אײַן, ווו אויס —
און שטיל געבליבן.

פון טונקלען הויז בין איך אַרויס,
דעם ווינט אַנטקעגן אָנגעקומען —
און ס'האָט דער ווינט מיך שטיל און לינד
אַרומגענומען...

איך האָב צעקושט זיך מיטן ווינט
אַזױאָן אַ וואָרט געוואָרן,
וואָס טוט אויף פעלדער זיך אַצינד —
דאָרט בליט שוין קאָרן!

עס וועט מיר קלינגען הײַנט ביז נאַכט
דער שטילער שאַל פון ווײַטן האָרן:
עס בליט שוין קאָרן!..

*

דער פֿלאַנטער פֿון שטיינערנע הײַזער, געגאַרטלט מיט גאַסן,
ער האָט דאָך אַן אויסוועג אין אַלע פֿיר זײַטן!
דורך פֿאַרשטאָטן ברייטע זיך ציִען דאָך פֿאַסן
אין פֿעלד אינעם ווײַטן...

פֿון פֿענצטער פֿון הויכע, אין שטיינער פֿאַררוקטע,
אַ גרינינקן שמייכל גיט אָפּט דאָך אַ צווײַגל,
עס וואַרפֿט דאָך אַראָפּ ווען אַ ליד אַ צעפּליקטע
אַ פֿויגל פֿון שטײַגל...

און פֿנימלעך קליינע מיט אויגן באַרוטע
באַטראַכטן די גאַסן דורך לויטערע שויבן,
און מאַמעס באַהיטן זיי, צאַרטע און גוטע,
און שטילע, ווי טויבן.

דער פֿלאַנטער פֿון שטיינערנע הײַזער, געגאַרטלט מיט גאַסן,
ער האָט דאָך אַן אויסוועג אין אַלע פֿיר זײַטן...
דורך פֿאַרשטאָטן ברייטע זיך ציִען דאָך פֿאַסן
אין פֿעלד אינעם ווײַטן.

## אַ הויז

דער ערשטער שטאָק
מיט ברייטן גלאַנץ פון שפּיגלענע וויטרינעס,
מיט רו פון חפצימלער, באַנוגנטע און דינע,
מיך רופט און נאַרט צו זיך.
איך שטיי, איך קוק, איך זוך,
און אָט... פאַרגעסט זיך גאָר דאָס גאַנצע שטיין אָן זינען —
אַ שווער פאַרגאַרטלטער קאַרניז
מײַן אויג פאַרפּירט אַלץ העכער, העכער,
ווו נאָר אַ מענטשן־בליק דאָרט גאָרן דעכער
פון ריזן שכנים...

נאָר איך
דורך נעזער שטויביקע
פון מײַנע שיך
מיט גאַנצן וועזן
שפּיר נאָך דעם שטאָק דעם אונטערשטן —
דאָרט פון אַ ווינקל האָט זיך קוים באַוויזן
אַ הויך פאַרשטאַרטע ברעם פון זײַן פאַרגלאָזטן אויג,
עס לעבצט, דאָס אויג, נאָך שײַן אַ קאַפּל,
און פּיס און קליידער רווישיקע אַלץ האַלטן אין איין שאַרן
אין ברייט צעעפנטן שוואַרצאַפּל
דעם שטויב פון טראָטוארן...
דאָס אויג, עס פינטלט ניט,
און זײַנע רויטע ווײַסלען
מיך נעמען דורך מיט שרעק.
איך שפּיר:
אַ קאָפּ, אַן אַקסל אַ צונויפגעדרייטער

אַט גיבן זיך אַ ריר...
און בלאָווע ליפּן שעפּטשען טיף אין מיר אַרײַן
דעם גורל פון מײַן זײַן.
און איך און הויז — און מער דאָ קיינער —
אַט קראַכן ווענט, אַט וואַלגערן זיך שטיינער !..

## אין מאָרג

אויף קאַלטע מאַרמאָר־טישן קערפּערס צוויי...
דער גרויער טאָג האָט זיי אַהער צונויפגענומען,
און אָט:
אין נעפּל איבער גאַסן
איז היינט געשווומען ווייניקער
מיט שוואַרצע פינטעלעך אַ פּאָר...
אויף שטיינער איינקע
פון נאָך אַ שוך אַ קויטיקן, אַ נאַסן
געפעלט האָט היינט אַ שפּור —
און גאָר...

## גרוסן קיין סיביר

י. טעמקינען —
מײַן פריצײַטיק אומגעקומענעם חבר,
פאַרשיקט אין סיביר, דערטרונקען אין
אַנגאַראַ.

א

אויף שטח, וואָס האָט אונדז צעשיידט,
איז אַלץ שוין פאַרווייט —
מײַן שליטן פון בענקשאַפט איז גרייט...

אויף ווײַטן, אויף שנייִיקן שווײַגן
צעשטעקט זײַנען גרינינקע צווײַגן —
פאַר וועגן אַ יונגער באַוויַיז.

איך צי הײַנט מיט לײַב און מיט לעבן
דורך שנייען, דורך אײַז־ימען זיבן
אין לענדער פון גליווער און אײַז...

ב

דאָרט גליווערן פעלדישע הוילן,
דאָרט שפּילן הײַנט ווינטן אין קנוילן,
אין לאַכן, אין וויינען —
איך וואַרט הײַנט אויף קיינעם...

דערציילן מיר פּראַסטיקע שויבן:
— צו ווענט זיך שוין טוליען די שנייִיקע שטויבן...
און ווינטן אָפּט שיקן מיר איינעם
אַ בלאָז טאָן, אַ פײַף טאָן אין קוימען...

איך האָב עס בײַ זיי ניט געבעטן,
איך בין הײַנט אַ פרעמדער אין פעלדישע מיטן —
ניט לאַכן, ניט וויינען,
ניט וואַרטן אויף קיינעם...

ג

די קאַלטע אַנגאַראַ,
דער לענאַס אַ מיטעלע טאָכטער,
האָט שטום דיך פאַרוויקלט
אין כוואַלישע פאַלדן
און לאַנג דיך געפירט אין די פליסיקע שטאָלענע לענגען...
מײַן לייד איז פון מיר שוין אַנטלאָפן,
זיך ערגעץ באַהאַלטן
און טיף זיך פאַרהילט אין די טוכן פון בענקען...
נאָר קומט אָן אַ ווינט פונעם אײַזיקן צפון —
צוויי אויגן באַטריבטע, מיט צער פאַרלאָפן,
זיך עפענען ווידער,
און אונטער די פענצטער אין שטומע פאַרנאַכטן
אַלץ וואַרטן און וואַרטן
פאַרגליווערטע הוילן
און ציִען אַהין מיך, ווו אײַערעליידן,
ווי וואַסערן פליסן
פון שנייִקע הייכן אין אײַזיקן נידער...

## פֿאַר טאָג

איך שטיי בײַ מײַן פֿענצטער אין טאָוול פֿון ווענט,
צו פֿלאַמען אין מיזרח מײַן פּנים געווענדט...

אין שׂרפֿות פֿון אָפּשייד אויף הימלשע רוימען
דאָרט ווערן געבוירן קאַיאַריקע טרוימען...

אויף פֿלאַקער־יסודות דאָרט הויערן בלויען,
איך וועל זיי מײַן בענקען אָן פֿרעגן פֿאַרטרויען.

צו רייזן אויף בלוטן, צו העלישע וווּנדער
איז האַרץ מײַנס אין וויגל שוין וואַך און שוין מונטער...

איך שטיי בײַ מײַן פֿענצטער אין טאָוול פֿון ווענט,
צו פֿלאַמען אין מיזרח מײַן פּנים געווענדט.

און שוואַלבן אַלץ שרײַבן מיט שווינדיקן פֿלי
און קייטלען די וועגן אין ליכטיקער מי.

און רעדער און טלאָען מיט שטיינער פֿון בריק
זיך פֿרייַנדן אויף נײַעם, אויף הילכיקן גליק.

איך שטיי בײַ מײַן פֿענצטער אין טאָוול פֿון ווענט,
צו פֿלאַמען אין מיזרח מײַן פּנים געווענדט.

## צווישן וואַלגער־שטיינער

לייב קוויטקאָ

אויף ערדן אויפגערירטע צווישן וואַלגער־שטיינער,
אין בייזע אָנפליִען פון שנײַדיקן געוויטער,
וואָס בין איך, וואָס באַטײַט איך איינער,
וואָס טראָגט זײַן לעבנס־ליכט מיט שטילן ציטער?

דער ים דערוואַכט אין זודיקן גערודער,
עס שטײַגן שטראָמען פון די אויפגערירטע טיפן,
וואָס איז ער איצט, מײַן אויסדערוויילטער רודער,
דער העכסטער זעגלבוים אויף מײַנע שיפן?

כ׳בין גרייט, כ׳בין יעדע רגע גרייט פאַרטרויען
די ציטעריקע לעבנס־פלאַמען
דעם האַר פון חורבן און פון בויען,
דעם האַר פון ערדן און פון ימען...

## פּראָצעסיע

מיר גייען אין דײַנע פּאַרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהייט.
מיט שטאָלצע, דרייסטע, זודיקע און קאַלטע —
טראָט נאָך טראָט!
אויף שאַנדן־שטאַנגען וואַקלט זיך און וואַקלט
דער אַלטער גאָט.
מיט לופט געלאַטעט, פלאַטערט אַלץ און פלאַטערט
די אַלטע רויטע פאָן —
צוריק קיין טראָט!
און שטעקלער וועקנדיקע שיטן שרויט אויף שטײַפן פּײַקל,
און טאַצן דזשימזשען — שלײַפן שאַרפס אין שוועבנדיקער לופט,
און הויך פאַרוואַרפט זײַן רוף
דער שײַנענדער טרומייט...
הײַנט בין איך אויך אַ שטיקל קלינגענדיקער קופער —
איך היפּער
שטילע סאַמעטענע ערטער,
איך וועק די מידע,
כ׳באַדעק דעם זיפץ פון אָפּגעשוואַכטע
מיט הילכיקן געלעכטער —
צוריק קיין טראָט!

*

ווי שאַרף פון שווערד,
פאַרוואַרפט איר רוף
די שטומע ערד
און קריצט מיט פאָספאָר־שײַן
די וואַלקן־בלײַען...
אַ הייסער שלאַקסרעגן אויף לענדער גייט
און שיט מיט פער און שוועבל,
און רינשטאָקן פון וועלט
מיט פולע העלדזער שפּײַען
מיט בלוט, מיט גאַל, מיט ווײַן;
און יעדער שטיין און יעדער שײַט
שוין שוועבט אין דולן שוים...
און וואָס מיר איצטער
ווונק פון צײַט
און שווונד פון רוים,
און שטערן־שיס אין פּוסטע קעלטן?..
אַ פײַערדיקער שלאַקסרעגן אויף לענדער גייט,
אויף אַלע מײַנע וועלטן!

## גערעכטיקייט

ווײַן, ווײַן,
אַלטער ווײַן,
ווײַן פון פלאַמיקן גערעכט!..
אונטער אַלע הימלען,
אונטער אַלע קעלער־שימלען
אויסגעשטאַנען
און דערברויזט ביז דאַנען,
ביז די ווילדע פלאַכן אונטער צפון־נעכט.
איבער אַלע וועגן
פון דײַן וואָגלען,
איבער גאָרער וועלט
שטייען דײַנע לאָגלען
ברייט און ווײַט צעשטעלט!
דאָרט בײַ שײַן פון טאָגן
אויף דעם וועג פון לאַנד פון קנעכט
האָבן ערשטע פינצטערע מרגלים
קוים געטראָגן
איין־און־איינציק הענגל
אויף אַ שטאַנג!
ווײַן, ווײַן, ווײַן־געטראַנק!
ווײַן פון פלאַמיקן גערעכט!
וועלטן שעלטן הײַנט דײַן ברויז,
וועלטן טראָגן הײַנט דײַן שוים
אויף די ווילדע פלאַכן אונטער צפון־נעכט!

*

אויף שטילער פרילינגדיקער הויל פון ווילדע ווײַטן
אַלץ טריפט און טריפט מײַן אַלט פאַרציטערט בלוט,
צום שוואַרצן האַרצן טוליען נעבט
דעם ווײ פון טעג פאַרשוועכטע...

נאָר פלאַקערן צעשפּאַלטן ווייכע נעפּל-שויסן
און גלײַען אויס אין פײַערדיקן דויער
אַלץ נײַע צייכנס
פאַר ווײַטערדיקן דראַנג פון לאָקערדיקן צאָרן!

בײַ רויטע טויערן פון לויטערע פרימאָרגנס
זיך שטעלט אויף וואַר
דער שאַל פון יאָגנדיקן האָרן...

און גריוועס זײַנען גרייט צום ערשטן שווונג,
און טלאָען אײַזערנע קוים וואַרטן
אויף ערשטן בײַט פון שוועבנדיקע ווײַטן,
אויף שטויס פון נײַע שלאַכטן...

מיט האַרצן-ציטער הער איך זיי,
די טויזנט-אָטעמדיקע פרייד-געשרייען,
מיט גליווער-לייד דערשפּיר איך זיי,
די שטומע צאַפּלדיקע ווייען...

און ווען די נאַכט
איז גרייט דעם זינקענדיקן טאָג
אין שטילן שויס פאַרהילן, —
צו ווײַטן ציט מײַן גלײַענדיק געמיט...

מיט שטריק פון ווילנס טויזנטער געבונדן,
נאָך רעדער מידע, שיכּורע פון שלאַכט,
געפאַנגען שפּאַן איך צווישן פעלדער ברייטע.

איך בין מיט זיי, מיט שטענדיק גרייטע
צו נײַעם שאַל פון מונטערדיקן האָרן,
צו נײַעם פלאַם פון לײַטערדיקן צאָרן...

*

מיר שטאַמען פון פעלדזן,
פון פעלדזן, צעמאָלטע אויף מילשטיין פון צײַטן...
מיר שטאַמען פון פעלדזן,
וואָס האָבן דעם גורל פאַרבונדן
מיט ימען,
מיט ווינטן,
מיט ווײַטן...

מיר שטאַמען פון פעלדזן,
וואָס האָבן צעבראָכן
דעם יאָך פון דעם גליווערנעם שטייען, —
מיר גייען.
און וועלדער נאָר וויסטע
אונדז קאָנען פאַרהאַלטן...
מיר זײַנען די ערשטע
אין פאַלדן פון ווינטן,
מיט וויכערס געבונדן,
מיט כוואַליעס געשוועסטערט,
געברודערט מיט שטורעם —
קיין מיזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום!

# טרויער

אַלע פֿאַר דער צײַט פֿאַרשניטענע
ומבשרי אחזה אלוה׳.

(איוב יט, כו)

*

סיון — מזלו תאומים,
מזל שבט — דלי.

קוק נאָר אָן,
ווי זי יאָגט,
די ראָד פֿון מזלות;
זיי בלאַנקען, ווי מעסערס, די שפּיזלער...
ערשט דעם צווילינג געזען אין חלום —
איצט פֿון עמער שוין וואַסערן פֿליסן...

ערשט געלערנט זיך זוכן און שעפּן די פרייד
אין די פּאָנעז פֿון פּלעצער —
איצט זע איך געשאָכטענע שעפּסן,
איצט הער איך נאָר אַנגסטלעכע קרעכצן...

## זון-פאַרגאַנג

נאָך אַ שווים פון זונען־האָפן ווײַטן...
ווידער כ׳בין צו וויסטעניש געווענדט,
פעסט, ווי וועלט, איז דאָ דער בײַט פון צײַטן...
נאָר פאַר וואָס פאַרברעכן זיך די הענט?

קאַלטע ערד מיט אַלע אירע ראָסטן
שווימט, ווי רויך, פון אונטער מײַנע פיס...
גלײַך אַ לאַסט מיר האָט מײַן טראָט צעמאָסטן,
גלײַך עס קלינגט מיר: זע נאָר, ניט צעגיס!

אַלץ דאָ טויג פאַר פרײַען פלאַם פון לעבן...
האָט געוויין דיר אָפּגעזאָגט דער טאָג,
איז ביז טיפער נאַכט דיר גלי פאַרבליבן —
ווי פון ריס, פון אָפּשייד ווײַט צעטראָג!..

*

Сергею Есенину

אַמאָל, אַמאָל אין שטילע טאָלן שעפּסן כ'האָב געפּאַשעט,
אויף די גרינע הייכן דאָרט געבלאָנדזשעט האָבן אינדן,
אַרום, אַרום — דער מידבר האָט געשפּרייט די העלע אַשן
פֿאַר ברענענדיקע ווירבלענדיקע ווינטן...

נאָר שעפּסן שטילע מיט געפּאָלג פֿון זיסן פּײַפּל,
נאָר אינדן צאַרטע, וואָס דעם ציטער דאָ פֿאַרהיטן,
נאָר העלע אַשן, וואָס דעם וויסטן גלאַנץ דאָ שלײַפֿן
פֿאַר ווינטישער אָנגרענעצדיקער שליטה.

איצט האָב איך זיי — אויף סטעפּעס דײַנע דאָרפֿישע טאַבונען,
ווידער שטײַגן יונגע מחנות, שטאָלצע הוננען,
מיט קאָפּ שווין קלאַפּן זיך אין טויערן פֿון נײַע רוימען —
און ווידער, ווידער רופֿט מען מיך מיט לײַב־ציטער זיי צוימען...

## אוקרייִנע

Якобу Савченко

אין קראַנקן מוח,
ווי הייסער פעך,
זיך שיטן נעמען
פון שטעט פאַרשווּנדענע,
בלוטיק נאָענטע
און בלוטיק פרעמדע...
פאַסטאָוו!
וואַסילקאָוו
און נאָך,
און נאָך...

כ׳האָב אָנגעטאָן
צוויי קעגנאיבערדיקע פענצטער
פון וואַגאָן
אויף מײַנע דאָרשטיקע,
שוין פיבערדיקע בליקן...

אָן מי,
אָן רו,
אָן שבת
און אָן זונטיק
גייט די וואָך...

איך וואַנדער ווידער
איבער אײַער הויל,
צעוויקלטע, צעלאָזטע פעלדער

פון אוקראַינע;
איך שרײַב מיט רויך
פון שוין צעשרויפטן
לאָקאָמאָטיוו
אַן אײַליקן, אַ ציטעריקן בריוו
דער העלער הימלדיקער הייך...

מיט הייסן גלײַכגילט
קוקט זי צו,
ווי עס שווינדלען
אָאַזיסן פון מײַנע חורבות
אויף ברייטער פלאַך פון פעלדער מילדע,
שטיל פאַרשאָטענע
מיט בענקשאַפט,
רײַך באַפּײַכטע
מיט מײַן בלוט...

די אָפּגעריסענע
צעדאַרטע ווענט
פון גרויען
אומרייינעם וואַגאָן —
זיי ציטערן
אין איינעם מיט די זײַטלעך
פון מײַן אויפגעוואַכטן האַרץ,
און אונטער וואַקלענדיקע פּלייצעס
שטייט יונג־געבויגן,
מיט וואַרעמקייט און קינדערש ריינע אויגן,
די אַלטע־אַלטע טענה:
„וואָס וועגט אַריבער

אַ טראָפּן בלוט
פון קינדערשן
אומשולדיק שיינעם וועזן?.."

אַ טאָג, אַ טאָג אַ גאַנצן וואַרטן
אויף דרייַ פאַרשעמטע קלינג...

איך קען זי שוין פון לאַנג,
די אומעטיקע ליידיקגייערשאַפט
אויף דייַנע וויסטיקע וואָקזאַלן...

טריט באַנדיטישע
און לידער שיכּורע
אויף דייַנע ווימלענדיקע מאַרקן...

איך קען זי שוין פון לאַנג,
די ברוסט
פון דייַנע מענגעון,
וואָס אונטער סוויטע רויטלעכער
(ווי אַלט פאַרזשאַווערט אייַזן)
איז שטענדיק גרייט
זיך שטאָפּן מיט פאַרדרוס,
איז שטענדיק גרייט
די ווילדע הענט צעהוידען,
זיי וואַרפן אויף אַ קאָפּ:
— שלאָג!
— קלאָפּ!..

איך פיל מיט ליבע נאָך:
עס האָט קיין שויב דאָ ניט געפּלאַצט
אין בערגטורעמס אין דײַנע,
וואָס קוקן, לויטער נאָך,
אויף די געוויסערן פון דניעפּער,
אויף סטעפּעס דײַנע...
מיט טויזנט טאַצן הייסע טאַנצט די זון
און בלענדט,
און הייבט בײַ פוסגייער די פיס,
און וואַרפט בײַ וואַנדערער די הענט...

איך ווייס דאָס אויך:
ביסט דורות לאַנג
געווען אַ מיקלט־פּלאַץ
פאַר אויסוווּרפן
פון גרויסן גרויען לאַנד...
אויף אַלע — אַלע שטרעקעס זײַנע
שאָטנט זיך דײַן שאַנד,
אוקראַיִנע!

## אין פאַלן

...אַ וואַלגער,
און ווידער אַ וועלט איינעפאַלן,
פאַרפאַלן אַהינצו,
אין אָפּגרונט פון ליידן פון דײַנע —
און שאַ...
— — — — — — — — — — — — —
און אפשר דײַן וועלט איז אין וועג נאָך?
— — — — — — — — — — — — —
אָ, אָפּגרונט!
איך מאָן ניט, איך פרעג נאָר —
איך ווייס שוין פון לאַנג, פון לאַנגאָנעז,
וואָס הייסט מיט דיר טענהן,
וואָס הייסט בײַ דיר מאָנען...
— — — — — — — — — —
איך שטיי דאָ פון אויבן
בײַם זוים פון דײַן שלונג פון דײַן שוואַרצן,
איך קני דאָ,
איך שפּרייט מײַנע הענט אויס
צו פוסטקייט צו קאַלטער און שטומער...
ס'וועט אפשר נאָך קומען
אַן אָפּקלאַנג פון פאַלן,
פון וועלטישן פאַלן,
אויף איינעם אַ סטאַרטשענדן קנייטש בײַ אַ זײַט ווו,
אַן אָפּקלאַנג אַ טויבער.
אַ ווײַטער...
פאַר דיר דאָ,
פאַר שטייען,

פּאַר קנױען
מיט הענט אויסגעשפּרייטע,
וואָס קאָן ער באַטײַטן ?
— — — — — — — — —
וואָס ביסטו אין שטאַנד נאָך ?
דאָס שענסטע,
דאָס ריינסטע,
דאָס גרעסטע —
פון ווייען, פון ליידן
נאָך קאָנסטו
באַקומען
אַ שנירעלע שורות
געריימטע
געפּרעסטע,
אַ שנירעלע שורות אויף בלעטל צעקנייטשטן.
פאַרוואַלגערט דאָרט ערגעץ
אין ריזיקע קאָרבן פון יאָרן !..
— — — — — — — — —
געדענקסטו,
האָסט ענלעכעס עפּעס געזען דאָך
אין קינדערשע יאָרן אין צאַרטע ?
— — — — — — — — — —
...אין שטיינערנע הויפן
בײַ מיסט־הויפנס גרויסע
אין קאַסטנס פאַרשפּאַרטע
(מיט קרעציקע קעץ,
מיט פאַרוואָגלטע הינט,
וואָס זיך גריבלען פון אויבן)...
בײַ קאַסטנס אַזוינע

אויף ראַסטיקע ברודיקע שטיינער
אַפּט צוזען
אַ שנירעלע בלוט־טראָפּנס העלע און ריינע...
— — — — — — — — — — — — —
ביסט שטענדיק פאַר זיי דאָן געשטאַנען
אין וואונדער אין שטומען...
פאַר האַרצן פאַר דײַנעם
געווען איז אַלצאיינס נאָך.
ווער האָט זיי פאַרלאָרן,
פון וואַנען אַהערצו זיי קומען...
און איבער
עס וועט דיך באַגליקן
און זײַן וועט דײַן ליד אַזוי הפקר און זויבער,
ווי בלוטיקע טראָפּנס
אויף שנייען פון ווײַטן סיביריען...
עס האָט זיי באַוויזן צעזייען
אין לעצטע מינוטן
אַ פּיקסל פון צפון, אַ הינטל פון שנייען...
— — — — — — — — — — — — —
געדענקסט, ווי עס שטאַרבט אַזאַ פּיקסל,
וואָס האָט נאָך איין חכמה געקראָגן —
פאַר הימל,
פאַר לײַטן
אַ הײַטל אַ פוכיקס אַ ווײַסינקס
אין ווינטער אין ווײַסן צו טראָגן...
געדענקסט, ווי עס שטאַרבט אַזאַ פּיקסל...
— — — — — — — — — — — — —
שאַרף איז דער בליק בײַ דעם פעלדישן יעגער,
ער זעט עס, דאָס פּיקסל,

נאָר פּאָרט אין אַ זײַט גאָר,
ער וואַרפט פריִער אָנעט פון ווײַטן
אַ קרײַז גאָר אַ ברייטן...
און פיקסל ווייסט איינס נאָר —
מיט פּעלעכל ווײַסן
צו ווײַסקייט פון פלאַכן
זיך בייגן, זיך טוליען...
אַ קרײַז נאָך אַ קרײַז,
און אַלץ שמעלער און שמעלער,
און ס'שטעקן שוין שפּיזלעך פון פּחד
בײַ פיקסל אין אויגן —
און וואָלט עס שוין וועלן,
דאָס ווײַסינקע פיקסל,
זיך רײַסן
און לויפן —
איז איצטער שוין שפּעט דאָ וואָס־עפּעס באַוויַזן...
— — — — — — — — — — — — — — — —
און שאַרף איז דאָס אויג בײַ דעם פעלדישן יעגער,
געטרײַ איז זײַן ביקסל...
און טרעפט ער
אין קאָפּ ניט,
אַהין, ווו געהער איז —
אין מיט
צווישן שלייפן,
אין שניט
צווישן אייגעלעך שוואַרצע —
דאַן טרעפט ער
אין האַרצן !..
— — — — — —

נאָר טרייסט איז פאַר קיינעם
אויף ערד ניט פאַרבאָטן!
פאַר פּיקסל אַזוינעם,
וואָס האָט ניט געוואָלט
און האָט פּאָרט זיי צעשאָטן,
די בלוטיקע טראָפּנס,
אויף זויבער פון שנייען,
איז אויך נאָך אַ טרייסט דאָ פאַראַנען...
— — — — — — — — — — — — — —
עס קאָן זיך דאָך טרעפן,
איין גאָט ווייסט פון וואַנען,
זאָל קומען
אַ גייער, אַ זוכער,
אַ טרוימער, אַ שפּאַנער,
וואָס ציט דורך זײַן רײַזע
דורך פעלדער דורך ווײַסע...
עס קאָן זיך דאָך טרעפן,
דאָס מענטשלעכע האַרץ זאָל זיי טוליען,
די בלוטיקע ווייען,
אַז מענטשלעכער בליק זאָל זיי איינציקווײַז קלײַבן
פון זויבער פון שנייען,
די טראָפּנס די רויטע...
דען איז דאָס קיין טרייסט ניט?..
נו, זאָג זשע, נו, בייג זשע דעם קאָפּ אָן — זײַ מודה!
אַ טרייסט אַזאַ איז איצט דאָס גרעסטע
פאַר דיר און פאַר פּיקסל געמיינזאַם — —
אָ, אָפּגרונט!
אויב דאָס איז דאָס גרעסטע,
וואָס קאָן שוין דאָ קליין זײַן?..

## קינדער־שפּרוך

אסור לקראת... בנביאים וכתובים
ומותר לקראת באיוב (דיני אבלות)

בלע המות לנצח ומחה אדני יהוה דמעה
מעל כל פנים... (ישעיה כה, ח)

ס'איז פּאַרט שוין פּעוורואַל,
מיט אַ מאָל איז געוואָרן היינט לינדער,
און קינדער —
זיי האָבן צעשפּילט זיך, צעהוליעט
אויף פּירעקן שיין, וואָס דורך וואַרעמע פענצטער
צום דיל צו דעם קאַלטן זיך טוליען...
— — — — — — — — — — — — — — — —
ווי האָט ער געטרויערט, מיין זיידע מיין ווייטער?
ווי וועלן זיי טרויערן, קינדער נאָך קליינע,
נאָך ווילדע,
וואָס ברעקלען דעם טונקלען געוועב פון מיין שוויגן,
און מאַכן אים גאַנץ באַלד,
און וויקלען צונויף אים
אין איינעם מיט קלאַנגען פון יונגן געפילדער...
ס'איז גרינגער
פון זייערע הענטלעך אים ווידער באַקומען,
און ווידער זיך הילן,
און שפּאַנען, און שטומען, און שטומען...
מיין טאָג שוועבט זיך ווייטער,
און טריבע מינוטן דורך פענצטער דורך העלע
מיר שיטן זיך ווידער...
איך זיפּ זיי דורך פינגער דורך מידע,

ווי זאַמד,
ווי אָנצאָליקן זאַמד אויפֿן ברעג פֿון אַ ים,
אויפֿן ראַנד,
ווו צוויי גרויסע יסודות
אַלץ פֿליסן און גיסן צונויף זיך צוזאַמען...
— — — — — — — — — — — — —
ווי האָט ער געטרויערט, מײַן זיידע?
עס אַרט מיך ניט שטאַרק, נאָר איך פֿרעג עס,
פֿון פֿרי הײַנט אין שטילקייט אַ פֿראַגע באַגלייט מיך...
...און ס׳האָט זיך באַוויזן:
אַ סידור אַן אַלטן
(מיט דיני אבלות),
אַן אַלטן „בית-יעקב"
האָב איך הײַנט צו דאַנקען
פֿאַר מאָנעלער טרייסט,
פֿאַר אַ פּאָר פֿרישע רגעס...
מײַן טרייסט איז אין דעם מיר באַשטאַנען,
וואָס ערגעץ אַ לאַנד אַזאַ עוץ איז פֿאַראַנען,
וואָס דאָרט האָט געוווינט אַ מאַן איוב,
און אָט, אין דער שטאָט, וואָס הייסט קיִעוו,
מיט יאָרן מיט טויזנטער שפּעטער
געמישט האָב איך גלאַטינקע בריטישע בלעטער
אָט דאָרט, ווו פֿון איוב אין זיי איז פֿאַרשריבן...
ס׳איז נאָך מיר אַ פֿראַגע געבליבן:
ווי וועלן זיי טרויערן, קינדער נאָך קליינע?
— — — — — — — — — — — — —
נאָר וועמען דאָ קאָן איך איצט פֿרעגן?
אין גאַנצן דאָס האָבן פֿאַרשוויגן

די אַלטינקע שורהלער רש״י...
און וועגן אַזעלכע זאַכן
מיט ווונקען, מיט פונקען נאָר רעדט דאָס תּנכל...
אין מוח אין מידן זיך באַרבלט:
פּאַסטערס אינסטיטוט,
אָפּטימיזם
און מעטשניקאָווס וועלט־פּראָסטאָקוואַשע...
און אפשר זיך ווענדן צו קינדער?
נאָר קינדער —
זיי האָבן צעשפּילט זיך, צעהוליעט...
ס'איז פּאָרט שוין פּעוורעל,
מיט אַ מאָל איז געוואָרן הײַנט לינדער,
און קינדער —
זיי האָבן צעשפּילט זיך, צעהוליעט
אויף פּירעקן שײַן, וואָס צום דיל
צו דעם קאַלטן זיך טוליען...
— — — — — — — — — —
איך מיש זיי שוין ווידער,
די גלאַטינקע בריטישע בלעטלעך.
— — — — — — — — — —
אַ, קלוגער אליפז,
אליפז פון תּימן,
דײַן קלאָרע חריפות
ניט וואַרעמט שוין קיינעם...
מײַן קאָפּ איז מיט אַש ניט באַשאָטן,
איך שטיי אַן אַנטבלויזטער —
פֿאַר מיר איז דאָ גאָרניט פֿאַרבאָטן!
מײַן אַנמאַכט, מײַן מענטשלעכער אַנמאַכט

איז ניד׳ריקער נאָך פון די דילן פון קלויסטערס,
פון דילן פאַרבוקטע
דורך שטערנס פון דורות...
נאָר ס׳האָט אויך אין הייך ניט קיין גלייַכן
מייַן מענטשלעכע דרייסטקייט —
איך וויל פון קיין טרייסטערס ניט וויסן
אָט דאָ אויף דער ערד צווישן וועלטן!
די גרייס פון מייַן מענטשלעכן עלנט,
די גרייס פון מייַן טרויער —
אָט דאָס איז מייַן טרייסט,
מייַן געוויסן,
מייַן דרייסט
און מייַן כוח...

## שטאָם

אין הייכן דער שטאָם זיך פֿאַרצווייַגט,
וואָס וואָרצלט זיך טיף אין די מיסטן;
פֿון אומגערנס טויזנטער שטייַגט
מייַן קלאָרער אומיסטן!..

ווער שטויבט מיך מיט אָפּשאָף אין ווונק?
ווער אָרעמט מיך שטענדיק אין איינעם?
ווער וואַרפֿט מיך אַריבער דעם שלונג
פֿון הונדערטער אָפּענע „ניינען״?..

נאָר האַרץ מייַנס האַלט נאָך די לויב
אין שעלטנדע הימנען פֿון שטרייַטן,
און האַרץ מייַנס זויגט נאָך פֿון טרויב,
וואָס נערט און שטאַרקט אויף צייַטן.

*

ח. נ. ביאַליקן

קיין דאַך, קיין ווענט — און שוועלן אומעטום,
און פיס פאַרהאַלטן זיך שוין גרייטע צום אַריַינגאַנג —
און טירן צעזען מיך און פירן מיך אַרום,
טירן האַרבסטיקע מיט לויטערקייט פאַרהאַנגען...

ס׳האָט ליבע צאַרט געהוידעט דאָ איר וויג...
היימען הונדערטער זיך האָבן שטיל גערייכערט.
צי האָט פון דאַנען נאָך געזעגנט זיך אַ בליק?
צי שפּילן ערגעץ ווו פונדאַנענדיקע כּוחות?

וואָס דאַרף איך זי, די לויטערקייט די קלאָרע,
וואָס אויך אין שפּאַלטן חורבהשע פאַררינט
און וואָס צעטראָגן וועט פון ביטערע אזכּרות
מיַין זייער (דערווײַל דער איינציקער) — דער ווינט...

זשיטאָמיר — ראַדאָמיסל, 1921.


וואָס דאַרף איך צו די לויטערקייט
די קלאָרע

# רויטע בליטן

*

איך בין
אויף אַלטן שטאַם אויף מײַנעם
מיט צווײַגן הענגענדיקע, גראָווע פלאַקסן
אַ יונגע צווײַג,
און איין באַגער נאָר האָב איך — וואַקסן !
איך גרין,
איך שטײַג
אַהין,
ווו ס׳העלט —
איך וויל מיט רויטע בליטן טענהן
מיט גרויסער וועלט !
פון אַלטן שטאַם פון מײַנעם,
פון אַלטן זאַפט
נאָך שעפּ איך יונגע קראַפט,
נאָך זויג איך אַלטע ווײַנען —
און ווען די נאַכט פאַרלאָזט
דעם קאַלטן רוים
בײַ ערשטן בלי פון זון —
פון אַלטן שטאַם,
פון אַלטן ראָסט
פאַרשיכּורט קוקט מײַן יונגע קרוין
אַנטקעגן זון !..

*

צום נײַעם קנויט
פון פרײַען פֿאַקל דײַנעם,
אַ, גרויסע וועלט,
פון ווײַטער וואָגלעניש
מיט שווערן שלעף פון נויט,
אין קרוין פון אַלטער פּײַן
אויך איך האָב דיר אַ פֿאָדעם צוגעשטעלט,
אַ ווײַסן לײַנען־פֿאָדעם,
געטונקט אין רויטן ווײַן
— פון בלוטיקן גערעכט
פֿאַר נײַעם קנויט
פון פרײַען פֿאַקל דײַנעם,
פֿאַר זײַן פּילפֿאַרביקן געפלעכט.

און ווען
אין העל פון ברען,
אין שוואַרץ פון רויך
ניט קאָן איך שוין דערקענען
— דעם רויטן פֿאָדעם מײַנעם
מײַן האַרץ נאָך ווייסט
— פון טרייסט
כ׳האָב אויך אַ פֿאָדעם צוגעשטעלט
צום נײַעם קנויט
פון פרײַען פֿאַקל דײַנעם,
אַ, גרויסע וועלט!

## העלער ווונדער

דאָרטן, דאָרט פון אונטן
רופן העלע הענט...
זון, מײַן העלער ווונדער,
העלער זיך צעברען!

הערט, ווי ס׳קלינגען גלעקער,
ווי דער האָרן שאַלט —
דאָרט אויף מיזרח־שטרעקעס
ווערט אַ טאָג געזאַלבט!

בויער, ברען און פלאַקער
צווישן שטיין און רויך!
פיר אַרויף דײַן אַקער,
פיר אים אין דער הייך!

שיט און פלייץ פון אויבן
מיט דײַן העליש בלוט,
דו ביסט אונדזער גלויבן,
דו ביסט אונדזער מוט!

ווער דו ביסט און וועמענס,
קיינער פרעגט ניט מיין —
אונדזער גרויסער אמת
איז אין אונדז אַליין!

## שטראָמען

געקומען איז אַ טאָג מיט פֿײַערדיקן בליק
און אַלעמען זיי אָפּגעלאָזט די לייצן.
און אָנגעזעט מיט זיסן גליק
פֿון וואַקסן און פֿאַרפּלייצן.
און אַן אַן אויפֿהאַלט, אַן אַ צוים
ווי גרינג איז לויפֿן, יאָגן, פֿאַלן,
אויף גריוועס טראָגן ווײַסן שוים
און ברעכן הייסע שטראַלן,
און ענטפֿער קריגן אויף גערויש,
און אין טאַבונען זיך באַהעפֿטן,
און טראָגן ברידערלעכן רויש
מיט נײַער פֿרייד, מיט נײַע קרעפֿטן !..

*

אָ, פרוי!
אָ, לאָקנדיקער װוּנדער
אין עטער פון דער װעלט!
די תמימותדיקע זיידעס אונדז דערציילן,
אַז דו, די ערשטע, האָסט גענאָסן
פון זיסן בוים פון װיסן!
אָ, פרוי!
אָ, צערטלעכסטער געמיש
פון בלוט און מילך
דאָ אונטער זון און שטערן!
די װײַטע זיידעס אונדז דערציילן,
אַז דו, די ערשטע, האָסט געװאָרפן
פון שטרײַט דעם ערשטן עפּל
אויף טיש
פון צײַטן און פון דורות!
אָ, מוטער, שװעסטער, פרוי!
װער נאָך דאָ װייסט,
װאָס הייסט
אין גלי, אין בלוט, אין װיי
אַלץ בויען און באַנײַען?
שטיי אויף,
באַפרײַ דײַן שטאָלץ געזיכט
פון דער פּיליאָרנדיקער קנעכטשאַפט.
באַװײַז אין נײַער ליכט
דײַן אַלערליבלעכסטע,
דײַן אַלערשענסטע הערשאַפט!
אַט דאָרט,

ווי ס׳קלינגען שווערדן
פֿאַר מענטשן־רעכט,
פֿאַר עכטער מענטשן־ווערדע,
פֿאַר נײַעם זײַן —
דאָס ערשטע אָרט
איז דײַנס!

*

אַהין, אַהין,
צום גרויען ווינקעלע,
וואָס האָט דײַן קערפּער רו געגעבן,
אויף מילדע פעלדער פון וואָלין —
אַהין, אַהין
איז איצט מײַן בליק געווענדט,
אַהין, אַהין.
איצט הייב איך מײַנע הענט:
אויף שטרעקעס טויזנטמײַליקע
פון פאָטערלאַנד פון דײַנעם
שוין טרעטן ווידער מחנות אײַליקע,
און רויטע פאָנען ווידער טענהן
מיט גאַנצער וועלט!
מײַן צאַרטער ברודער־העלד!
ווי מיטן ערשטן פאָרגעפיל
פון פרײַע פרילינגס־פריידן,
ווי מיט דעם ערשטן קראַמף
פון שטאָלצע הייסע ליידן,
וועט זיך מיט דיר
אין גרויסן קאַמף
דאָס יונגע האַרץ
שוין אייביק ניט צעשיידן...

## ווען ס׳קריצן ציין

ווען ס׳קריצן ציין צונויפגעפּרעסטע,
ווען ס׳בליצן פונקען פון די אויגן,
ווער קאָן מיר עצהן מעסטן,
ווער קאָן מיך פרעגן:
האָסטו אָפּגעווויגן?
איך ווייס נאָר איינס.
און אָט דאָס איינס נאָר קאָן איך ציילן:
ס׳איז הייס
דאָס האַרץ,
עס טרײַבט
דאָס בלוט,
עס גליט
פון וויי,
עס בליט
פון מוט.
און וויי און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן!

אין הײַזער־קרײַז פאַרטריבן,
מיט דערנער שטאָלענע פאַרצאַמט,
וואָס איז מיר נאָך פאַרבליבן?
עס פלאַמט און פלאַמט
מײַן בלייך געזיכט,
און טרערן שווערע
פאַרביטערן די קלאָרע ליכט
פון מײַנע בענקענדיקע אויגן...
אין נידער פון פאַרנאַכטן,
אין שטײַגן פון פרימאָרגנס,

אין בלוטן העלישע
מײַן אויסוועג איז פֿאַרבאָרגן !
ווען הײַזער שטייען
אין פלאַם פון ווײ־געשרייען,
ווען קנוילן גרויל זיך קײַקלען איבער גאַסן,
ווער קאָן מיר הייסן וואַרטן ?
ווער קאָן פאַרווערן האַסן ?..

*

דערזע איך אויף ווײַטע מידבריות
צעגליטע סאַמומען —
דערזע איך אויך באַלד קאַראַוואַנען,
וואָס גייען און קומען —
וווהין און פון וואַנען ?
אין תּהומישן קראַכן,
אין שפּײַ פון ווולקאַנען
דערהער איך די שטילקייט פון מענטשלעכן וויינען,
אין שפּיל פון פרײַיאָריקע שטראַלן
אויף אַלטע פאַרראָסטעטע שטיינער
דערהער איך דעם ריינעם געפּילדער
פון קינדער,
פון קינדער, וואָס קאָנען אין אויגנבליק איינעם
אי לאַכן, אי וויינען...

איך האָב מײַן באַוווסטזײַן אויף וועלט אויפגעהאַנגען —
אַ חופּה אָן עק און אָן שטאַנגען —
נאָר כ׳קאָן זיך קיין רגע ניט שיידן
פון ערדישע בייטן !..
איך הייב מײַנע אויגן
צו שטויבן פון שטערן,
נאָר קלאַנגען פון ספערן
ניט קאָנען פאַרטויבן
דעם יובל פון מענטשלעכע פריידן,
די קלאָגן פון מענטשלעכע ליידן.

*

דורך שווימענדיקע רוקנס
פון כוואַליעס דײַנע,
ברויזנדיקע מענטשן־וועלט,
דײַן יעדן שטויס דערפילן!
מיט טיף פון האַרץ פאַרבלענדטן,
מיט צוגעמאַכטן בליק,
צו הימל־ווײַט געווענדטן,
דורך אָטעם־הויך
פון אײַלנדיקע מענגען,
דורך וואָלקן־רויך
אַ צי טאָן זיך אין שטאָלצן גליִענדיקן בענקען
צו קאַלטער האַרמאָניע פון וועלטן־ספערן —
קיין גרעסער גליק
קאָן קיינעם דאָ געהערן!..

*

אין מיט פון טאָג
איז יעדע זאַך באַהערשט מיט שײַן,
אין מיט פון טאָג
איז יעדער שאָטן קלענער,
אין מיט פון טאָג
פֿאַרגיין,
אין מיט פון טאָג
אַ טרוים צו זײַן
איז שענער !..
נאָר איך, נאָר איך,
נאָר מענטש אַליין
געבענטשט בין מיט דער גאָב
נאָך פון זעניט
אַליין אַראָפּ
אין תּהום פון טרוים.
היי, אַלע איר, ווער ס׳האָט געקאָנט
מיט הייסן ברייטן שניט
זיך אויסוואָרצלען אַליין
אַ יונגן בוים
פון ערדן־מיט,
פון וואַלד פון לעבן,
היי, אַלע איר, ווער ס׳האָט אַליין
מיט שטאַרקער גרינגער האַנט
דאָס יונגע לעבן אויפגעהויבן
און הויך געוואָרפן עס
אויף טונקלער וואַנט
פון מענטשן־נישטיקייט און אָבערגלויבן,

געוואָרפן עס און ניט געדענקט
און ניט צוריק גענומען.
און די, וואָס דאָ געבליבן,
איינס געשענקט —
באַוווּנדערן און רומען!

היי, אַלע איר, ווער ס׳האָט
אין פולן רייַף פון יאָרן
מיט ברענענדיקן דרעשער
אַליין זיך אויסגעדראָשן!
אויב איר זייַט טרוים,
וואָס איז דאָ וואָר?
און איר, און איר,
וואָס זייַנען דאָ,
ווי דו, ווי דו, ווי דו, ווי דו,
אין שעה
אין ליכטיקסטער געוואָרן אויסגעלאָשן —
צו אייַך איז איצט מייַן האַרץ גענייגט!
ס׳איז העל די טיר
פון אייַער רו,
פאַר אייַער שוועל
מייַן גייַסט זיך בייגט
און קניט,
צו אייַך, צו אייַך,
איצט גלי איך, גלי אין תּפילה־ליד.

## פרעגסט מיך, שטילער ברודער

פרעגסט מיך, שטילער ברודער,
ווער וועט צאָלן
פאַר די טאָלן ביינער,
פאַר די טײַכן בלוט?
הער זשע, ברודער!
אייביק, אייביק
שטרײַטן וואָרצלען
אונטער דר׳ערד,
אייביק, אייביק
פאָכען מענטשן
מיט דער שווערד...
אייביק, אייביק!
נאָר ס׳האָט קיין מאָל
אַזוי גלייביק
ניט געהויבן זיך קיין האַנט!
ס׳האָט נאָך קיין מאָל
אַזוי זיכער
ניט געטראָגן זיך קיין וויכער
איבער מענטשן־ראַנד...

## שטאָט

א

שטאָט!
דו האָסט מיך פון ווײַטן גערופן
מיט הודען פון דראָט!
כ׳האָב שטענדיק אויף באַרג דיך געזען!
דו האָסט מיך פון ווײַטן געצויגן
מיט צוואַנגען
פון שײַן און פון שימער —
דו האָסט מיך פאַרנאַרט
און דו האָסט מיך געפאַנגען!
די רו פון מײַן דאָרפישן צימער
האָסטו מיר צעעקבערט
מיט פײַפן פון צוגן,
צעשפּאָלטן, צעשפּליטערט
מיט ציטער פון רעלסן...
אין הייכן איז שטענדיק געהאַנגען,
איז שטענדיק געגאַנגען
דער אומרו פון דײַנע פאַרצויבערטע קלאַנגען —
שטאָט!
דו האָסט מיך געפאַנגען!
פאַר מײַנע פאַרבלענדעטע אויגן
אויף פעלדער־ און וועלדער־באַראָט
איצט ליגט דײַן אַלמעכטיקער שטיינערנער קערפּער
מיט רערן פאַרוואָרצלט אין טיף פון דער ערד,
צעשלײַדערט די אָרעמס,
געהויפנט, געגאָרנט,
צעקעסטלט, צעצימערט,

אין גרונטן פֿאַרשוואַרצט און אין הייכן באַשימערט.
מיט קוימענס פֿאַרשפּיצט און מיט שאַרפֿן פֿאַרטורעמט,
פֿאַרקניפּט און פֿאַרגאַרטלט מיט רעלסישע שלאַנגען,
באַפֿלאָכטן, באַהאַנגען
מיט שפּינוועבס פֿון דראָט, —
שטאָט!
דו האָסט מיך געפֿאַנגען.

ב

שטאָט!
אויף שיף פֿון מײַן עלנט
בין איך אין דײַן האַפֿן געקומען!
די שיף פֿון מײַן עלנט!..
איך האָב אירע זעגלען געשווענקען
אין ווינטן אין אַלע
פֿון ערדישע ברייטן און לענגען,
עס האָבן די זעגלען
צעפּיצלט, צעריסן
פֿיל אָנפֿליִען ווילדע
פֿון וויסטע סאַמומען.
שטאָט!
אויף שיף פֿון מײַן עלנט בין איך אין דײַן האַפֿן געקומען!

אין האַפֿן אין דײַנעם
בײַ אײַזערנע רינגען
האָב איך זי פֿאַרבונדן,
די שיף פֿון מײַן עלנט!
אויף ברעג,

אין אַנצאָליקע שענקען
האָב איך דאָ געטרונקען,
ביז שיכּור געטרונקען
פון וויַינען פון וועלטן.
אויף דיַינע פאַרצאַמטע געפלאַסטערטע וועגן
האָב איך זיך געלערנט מיַין וועג ניט באַשרענקען,
אומענדלעך צו גיין
אַרום און אַרום זיך אַלץ יאָגן און דרייען
און פילן — עס יאָגט זיך אַ פינפטער, אַ צענטער,
און יעדער אַרומלויפט, און יעדער אין צענטער.

שטאָט !
אויף דיַינע פאַרצאַמטע געפלאַסטערטע וועגן
האָב איך זיך געלערנט דערוועגן
און וועלן
און אונטער די וועלטישע קוואַלן
מיט אַלע, מיט אַלע
די קרוגן צו שטעלן...
מיַין אָטעם מיַין שטילן
צונויפגעהויכט האָב איך מיט אָטעמס פון מענגען,
דעם גלי פון מיַין ווילן
צונויפגעפלאַמט האָב איך מיט פלאַקערס פון ערדן,
מיַין שאַרף גלאַנצט זיך איבער
אין בלאַנקען פון שווערדן,
אין קלאַנגען פון לענדערשע גלעקער
זיך קלינגען שוין איבער
די שטיקער

פון קופּער פון מײַנעם,
פון קופּער פון רויטן, פון אַלטן.

שטאָט!
די שיף פון מײַן עלנט
האָסטו אין דײַן האָפן באַהאַלטן...

## גינען־געוועב

*

אין ווינט,
וואָס שווינדט אַנטקעגן מיר
אין נעפּלדיקער גיך...
דאָ צווישן האָלץ, און שטיין, און רויך
און לעבעדיקן דראַנג
טוט אָפּט מיר עפּעס באַנג...
און פֿאַר דער שווינדלדיקער טיר
מיר ווילט זיך אין דער העלער הייך
דערזען אויך זיך...

*

נו, ווידער
זיך וויקל און וויקל,
דו, קנויל פון מײַן פרייד!
איז פרייד דיר געגעבן,
אַלצאיינס איז,
ווו פוס דייַנער שטייט,
ווו האָט דאָ דייַן לעבן
די אויגן געעפנט.

אין דרום
דאָרט טראָגן זיך וואָלקנס,
דאָרט טראָגן זיך חורבהשע שטויבן,
דאָרט טראָגן זיך רויכיקע באַלקנס.
די באַלקנס פון שטיבל פון דייַנעם,
קליינינקערהייט,
דורך זייַנע, דורך שטילינקע שויבן
געקוקט האָסטו גלייביק
אויף מיסטיקן ליקל...

נו, ווידער
זיך וויקל און וויקל,
דו, קנויל פון מײַן פרייד!
אין הויפשטעט אין נייַע,
אויף רוישיקע פּלעצער,
אין בּבלס, אין רוימען
דייַן האַרץ ווערט צעפּלאָסן,
עס קלינגט אין פרימאָרגנס

מיט פֿײַלן פֿון ליכטיקע בויגנס;
און קומען אָן אָוונטס,
דײַן האַרץ ווערט געבויגן
מיט אָרעמס מיט צאַרטע, —
מיט בעכערס פֿון בוימל,
ווי קנויטן פֿון פֿריידן
זיך נערן און זויגן
פֿון בענקשאַפֿט, פֿון ווייטיק,
מיט בעכערס פֿון בוימל אַזוינעם
הייבט זיך דײַן האַרץ דאַן
צו ליכטיקע רוימען
פֿון הימלישער שפּרייטונג!

## וויאָלאָנטשעל

מה תשתוחחי נפשי
(תהלים מג, ה)

וואָס בייגסטו זיך, מײַן זעל?
וואָס ברומסטו ברוסטיק טיף?
און ס'ציטערן די ווענט,
די זײַלן פון מײַן זײַן.
און העכער, העכער שטײַגט
די שטים פון ערע דײַנער,
און נידער ווערט באַגראָווט
מיט שטויב פון דײַנע פיס.

וואָס בייגסטו זיך, מײַן זעל?
וואָס ברומסטו ברוסטיק טיף?
וואָס באָדסטו זיך אין שטויב,
וואָס וואַשסטו זיך אין אַש,
ווי פויגלען אין אַ היץ,
וואָס האָבן פורכט פאַר וואַסער
און קילן זיך מיט ערד
און פרישן זיך מיט מיסט?..

װאָס בײגסטו זיך, מײַן זעל ?
װאָס ברומסטו ברוסטיק טיף,
װי זאָט פֿון פֿרישן בלוט
אױף שטומען האַרטן שטײן,
װי זאָט, װאָס װערט ניט שטיל
פֿון אומשולד זױבער־רײנעם,
ביז גלײביק הײסעס בלוט
מיט ציטער אים באַגיסט.

נו, בײג זשע זיך, מײַן זעל,
נו, ברום זשע ברוסטיק טיף,
און װער פֿון אַשן קלאָר,
פֿון בלוטן װער שױן רײן,
און װער פֿון ציטער מילד,
װער לױטער שױן פֿון װײנען,
און זאָל צו ליכט דיר זײַן
דײַן גרױסער בראָך, דײַן ריס !

*

ווידער רויש פון רעדער גיט צו וויסן,
אַז איך בין אין ענדערונג, אין וועג.
וואָס זשע הייסט דאָס לײַדן, וואָס זשע הייסט געניסן? —
כ׳פרעג!..

אויב איין שמאָלער ריר דאָ האָט פאַרטיליקט
אָט דעם קאַנט פון אומרו און פון רו, —
ווו זשע איז דאָ צווישן זיי דער חילוק,
ווו?..

רעלס, און ראָד, און שטויב, און רויך און ווילדער —
אַלץ דאָ בלײַבט אויף נײַעם טרײַב.
רו זשע אָפּ אַ ווײַלע, אויך דײַן בילד דאָ
בלײַבט...

# זונען־שלייפן

## פּאָליפאָניע

W. Engel

פּאַר ליכטיקייט
האָב איך נאָך פרייליכע
ליקעלער־זיפּן —
ס'איז ברייט
דער אַרײַנגאַנג,
אַרויסגאַנג איז שמאָל...
אין אויגיקע נעצן
פאַרהאַלטן זיך זוניקע גאָלדן
און לופטיקער,
קלאָרער קרישטאָל.
פאַרהאַלטן —
געבליבן
אויף שפּיצן, אויף פעדעם
און זעצן זיך אָפּ דאָרט
אין ווינקעלער ווײַטע,
אין האַרציקער טיף...
דערוואַרעמט זיך דאָרטן
מײַן זוניקער פאַנג.
און ליכט ווערט געדיכטער,
און שײַן ווערט דאָרט פליסיק
און הייבט אָן צו קוועלן.
און ליכט גייט אַריבער,
אַריבער די מוילישע שוועלן,

און ס׳טריפן די ליפּן
מיט גאָלדענע זילבן,
מיט זילבערנע ווערטער,
מיט זאַצן פון שטאָל...
און ס׳ווערן פון ליכטיקייט
ווידער
געשליפן
לידער
פון לויטער
קרישטאָל.

*

צו סאָסנע־גאָלד, צו שוואַרץ פון דעמב
און צו בערעזע־קרייַד
איז צוגעקומען טונקל גרינס פון טאַנען —
און דו, מייַן קינד, צו וואָסער נאָענט דאָ, צו וואָסער ווייַט
ביסטו מיר צוגעשטאַנען?

דו האָסט זי אויסגעפעלט, מייַן ווייטיקדיקע מיט, —
ביסט צוגעגאַנגען גלייַך צו אַכט־ און צוועלף־יאָריקס
און פירסט מיך פאַר אַ האַנט פון ווייַטן העלן שניט,
ווו ס׳בלאַנדזשעט אַלץ אין בלוילער־קלאָרינקס,

און כ׳גיי אויף ס׳נייַ, אַ רייַך באַוואָפנט קינד,
און גלייַך פון דאָרט מיט ווייַן פון קינדער־קעלטער
אויף נייַעם שניט פון ווייַ און ווינד,
אויף נייַער בייט פון שטרייַטן־פעלדער.

## וואָלקנס

גאָט, מײַן גאָט! איך האָב אַזוינע
אויף מײַן לעבן ניט געחלומט!
אין דער מיט — גרויסשטאָטיש ברוינע.
און דער ראַנד — נו, גיי און מאָל אים!

גיי דערצייל מיט אַלטע זילבן,
ווי עס דינען אין געמישן
זון מיט רויך און גאָלד מיט זילבער,
פענדזלען נאַכט מיט פרי מיט פרישן.

מיט געזאַנג פון האַרץ פון הייסן,
וואָס דערשמידט די נײַע רינגען.
מיט געזאַנג, וואָס אים נאָר ווייסן
דײַנע שמאָלע לאַנגע פינגער.

*

פון אַלע וועלדער, וואָס איך האָב געזען,
איז טונקלער טאַנען־וואַלד געדיכטער...
ווי אומגליקלעך וואָלט איך געווען,
איך זאָל אַצינד ניט זײַן קיין דיכטער.

איך זע, די לעצטע זײַלן שײַן
זיך האָבן טיף אין גרינס באַהאַלטן,
און הער דעם ערשטן אָנזאָג: ליכט זאָל זײַן!
דעם ערשטן שאַל פון הימל־שפּאַלטן.

און כ׳ווייס ניט, ווו איז דאָס געמאָלדן,
אַז ס׳קאָן אַ האַרץ אַ שווערס ניט ווערן גרינג,
ווי קאָנען קעגן זײַלן שײַן ניט טאָן אַ קלינג
די קושן דײַנע — דײַנע גאָלדן...

*

האָסט די ווילדע פּאַטלע־צעפּלעך
ווונדערלעך אַרויף פּאַרקלויבן *
און אַנטפּלעקט צוויי אויער־קעפּלעך —
יונגע טויבן !

אויף מײַן האַרץ איז אָנגעשווומען
פרישע שײַן פון אַלטער צניעות.
ס'האָט דײַן ווילדער בליק באַקומען
פרומע ווײַעס...

און דײַן קאָפּ איצט האַלט געאַרעמט
ווילדן דאָרשט מיט שטילן גלויבן,
גלײַך אַן אָדלער וואָלט געוואַרעמט
יונגע טויבן !

* פּאַרקלויבן — פּאַרקליבן.

*

רעדסטו, קלינגסטו ברוסטיק שווערלער —
הער איך אָט׳מען פעלדער היגע.
כ׳האָב אײַך בײדע מילד און ערלער
ליב געקריגן!

יעדע שעה דאָ ווער איך ווילדער,
פּאַרכטיק שטאָלץ, ווי צפון־טאַנען;
און מיט זיי כ׳וואָלט לאַנגע ווינטערס
אָפּגעשטאַנען!

לאָז זי דאָרטן צערטלען, גליִען,
הויכע זון אויף בערג, אויף טאָלן,
טריט אויף שניי דאָ וועלן בליִען
דײַנע שמאָלע!

און אין דײַנע אויגן־ברונעמס
יעד׳* אַן אַנדערער אין גאַנצן —
טויזנט ליכטער, טויזנט זונען
וועלן טאַנצן!..

* יעד׳ — יעדער.

*

גיט דײַן בליק אַ ווילדן בלאַנק,
שלײַכט דײַן שמייכל אין אַ ווינקל,
כאַפּט אַרײַן זיך הייסער באַנג,
פאַר מײַן האַרץ דאָרט טוט אַ פינקל.

ווענדט זיך דאַן מײַן בלייך געזיכט
צו דער שײַן פון דײַנע פינגער,
עדות שלאַנקע, טרײַע ליכט,
מאַכט מײַן האַרץ אַ ביסל גרינגער!

גיט דײַן אָרעם זיך אַ הייב,
נו, לאָז זײַן אַנטקעגן קיינעם,
נאָר מײַן האַרץ עס איז באַרויבט,
גרייט איז שרײַען, גרייט איז וויינען...

גרייט דורך וואַלד פון דײַנע האָר
זיך צו רײַסן צו דײַן אויער,
דאָרט, ווּ ס'שימערט ריין און קלאָר
צאַרטער שוים פון מײַן פאַרטרויען.

## ערשטער שניי

איז דען ניט מיט ערשטן שניי
גאָר די וועלט באַהאַנגען ?
איז דען מער, ווי מענטשן צוויי,
דאָ אַמאָל געגאַנגען ?..

איז דען דאָ אויף גאָרער וועלט
עפּעס נאָך חוץ קלאָרהייט ?
וואָס איז דאָ אין קלאָרער קעלט
אויסער ווײַסער וואָרהייט ?

אויב עס האָט דאָ ווער געלעבט,
איז אָט דאָ געגאַנגען,
האָט ער דען וואָס מער געוועבט
חוץ די שטילע קלאַנגען ?

האָב איך דאָרטן ערגעץ ווו
וויי און ווינד געשניטן —
וואָס זשע זע איך אויסער רו ?
אויסער ווײַסע בליטן ?

*

איך ווייס ניט, ווער האָט אונדז געטריבן
און ווער האָט געוואָלט אונדז דאָ פֿאַנגען.
אַ זײַדענע שטריק איז געבליבן
אויף האַלדז בײַ אונדז ביידע צעהאַנגען.

און ליג איך אין רו־וויג אין קלאָרער
און לויף איך אין ווילדע געוועטן,
איך הער אים, דעם ריח פֿון דײַן אָרעם,
פֿון זײַדענעם פֿאָדעם פֿון יעדן.

און דו, אָ, מײַן ווילדע, כ׳בין זיכער,
דו וועסט זיך פֿון שלייף ניט באַפֿרײַען,
אין ווײַטערער רו און אין וויכער
וועסט טראָגן די שטריק, ווי עד־היום.

## וואַלגער־שטיינער

*

ניט גראָז פון וויסטעניש, אָ, ניין,
נאָר שטראַלן פון באַגינען
צעשפּראָצן זיך פון יעדן שטיין
אויף דײַנע ליכטיקע רוּינען.

אָ, מאָסקווע־שטאָט!
דער שענסטער טרוים
פון אַלטע בלינד־פאַרליבטע זין פון דײַנע
איצט ווערט באַוואָרט!

אָ, מאָסקווע־שטאָט, אָ דריטער רוים!
די ייִנגסטע שפּיל פון מינדסטן ייִנגל דײַנעם
מיט גרײַזן גרוי פון אַלטע לוחות מײַנע
איצט ווערט באַיאָרט!

דער ערד,
וואָס האָט מײַן טראָט מיט דרייסט באַשווערט,
דער ערד, וואָס דו, אָ, האַרץ, פאַר איר זיך קלאַפּסט,
דער ברייטער ערד,
פון ים צו ים:
פון ווײַטן שטורעם־ראַנד,
ווו ס'ליגט אין אַלטער קלאָרהייט
די הײַב די זילבערנע פון באַרג אררט,
ביז ווײַסן גליווער־ים,

ווּ ס'שוועבן אײַז־פעלדער אין קאַלטן שלאָף,
אין גלאַנץ פון צפון־שײַן —
דער ערד
מײַן נײַע פרייד,
מײַן נײַע פּײַן!

איר ווייכע בלאַט
האָט אײַנגעזאַפּט
מײַן זאַט
פון בלוט,
און האָט אין טעג
פון גרויסן שניט
מיט מוט
אים אומגעקערט,
און האָט מײַן טראָט באַשווערט
אויף נײַעם זײַן —
דער ערד
מײַן פרייד,
מײַן פּײַן!

## אָקטאָבער

אָקטאָבער!
אַן אָנהייב, אַן „אָ״,
אַ ברען פון אומענדלעכן רונד.
אַ זוים פון אַ זונראָד...
און אותיות אַלע
פון האַנט פון דער גרויסער
און גראָבער:
„אָקטאָבער״.

עס וועלן
חדשים זיך צוועלפן,
זיך קייטלען אין יאָרן, —
דײַן נאָמען וועט העלן,
דײַן נאָמען וועט קלאָרן!

ווּ איז ער, דער גאָרנישט,
וואָס ווייסט ניט דײַן נאָמען?
ווּ איז ער, דער בלינדער,
וואָס וואַגט נאָך אַצינדער
מיט לייקעניש וואָר׳נען?

און פײַנד?
און פײַנד אַזוינע
מיט אַלטע קרוינען
אויף קײַלעכיקע קעפּ, געקעכלטע פון דורות,
מיט הוסטן גאָלדענע
פון מילדע ברוסטן,

מיט הערשערישע ווונקען,
מיט אייד׳לע הענט אין ווייכע הענטשן,
וואָס האַלטן צאַרט
(מיט אויפגעשטעלטן קלײנעם פינגער)
די דראָטן,
וואָס שיקן פונקען
אויף אויפרײַסן פון וועלטן !..

אַזוי פיל פײַנד.

געבענטשט איז דער, וואָס קאָן עס זיך פאַרגינען
אַזוי פיל פײַנד
און פײַנד אַזוינע
ערלער־שוידערלער פאַרדינען.

עס וועלן חדשים זיך צוועלפן,
זיך קײטלען אין יאָרן —
און אַלע זיי וועלן זיך קער׳ווען פאַרוווּנדערט
אויף דיר,
אויף אָקטאָבער
פון זיבעצנטן יאָר
פון צוואַנציקסטן פײַער־געשמידטן יאָרהונדערט !

ווי זײַט איר, חדשימלער דריבנע,
מיט פאַלשגאָלד באַצירטע,
וואָס האָבן מיט חוצפה אָט דאָ געשפּאַצירט
איבער לאַנד איבער גרויסן און גרויען ?
אײַלט גיכער פאַרשווינדן !
וואָס קוקט איר פון שפּעלטלער אַרויסעט,

וואָס באַמקעט איר אונטער
פון קלויסטערשע גלעקלעך ?
וואָס רירט זיך דאָרט ווערמיש אין שטויבן,
אין שטויבן אויף פּאַלשינקע צעטלעך,
וואָס קנעכטישע רימער אויף שטערנס געניגטע
דאָ האָבן צעטראָגן !

אָקטאָבער !
אַנצאָליקע סטויפּעס
צעשטעלטע
אין לאַנד אין דעם גרויסן און גרויען
אויף שיידונגען יונגע
פון זייַנע אומענדלעכע וועגן —
זיי לויפן,
זיי בייגן די קעפּ אָן,
זיי קניִען,
זיי בעטן :
אַ זכיה צו האָבן
אַ שפּענדל צו ווערן
פון וועלטישן מאַסט-שטאַנג,
וואָס וועט אויף דער שיידונג פון תּקופות
דערהייבן דייַן אויפשריפט
און וועט זיי, די תּקופות,
דורך וואָלקנס באַווייַזן :
אָקטאָבער !

אַן אָנהייב, אַן „אַ",
אַ ברעץ פון אומענדלעכן רונד,
אַ זוים פון אַ זונראָד...

און אותיות אַלע
פון האַנט פון דער גרויסער
און גראָבער:
אָקטאָבער!

## שנייען

גערדיכטער! גערדיכטער פאַלט, שנייען!
איַילט גיכער פאַרדעקן
די פלעקן
פון בלוטיקע ווייען
מיט דעקן פון טויט...

איַילט, שנייען, אַלצדינג צו פאַרגלייַכן,
איַילט אַלץ צו פאַרבייַטן:
די בלייַערנע ווייַטן,
די וויסטיקע שליאַכן,
פאַרחושכט פון קויט...

און איידער דער מענטש וועט דערוועגן
זיך דורכשנייַדן וועגן
אין לויטערן שויס —
פאַרבלענדט אים מיט לויטערער ריינקייט,
פאַרבלענדט אים מיט אייביקער שיינקייט
און לייַטערט אים אויס...

גערדיכטער!
גערדיכטער פאַלט, שנייען!
פאַרדעקט אים, דעם ערדישן קויט...
אויף קאַלטע אויף שנייִיקע דעקן
צו הייס זייַנען מענטשלעכע ווייען,
צו רויט זייַנען בלוטיקע פלעקן,
צו רויט!

*

די װענט נאָך באַפּלאָכטן מיט קלעטער־געשטעלן,
מיט מיסטן מיט אַלטע
פֿאַרװאַלגערט די שװעלן
און ס׳הילכט נאָך די פּוסטקייט
פֿון אונטן ביז אויבן —
נאָר כ׳זע אײַך שוין, װעלטן באַנײַטע,
מיט אויגן פֿון ליכטיקן גלויבן !..

איך זע אײַך שוין, װעלטן באַנײַטע !

אויף װײַטן
נאָך קנוילן זיך רויכיקע שטויבן,
דאָרט רײַסן זיך שטיינער
דאָרט ברענט זיך נאָך קאַלער !..

מיט אויגן פֿון ליבע פֿון ריינער
איך זע אײַך שוין, װעלטן באַנײַטע,
דורך רויכיקן מהלך !

*

אויף ערשט פֿאַרהאַרטעוועטער ערד
אין פֿרי אין פּראָסטיקן
צום ברונעם שפּאַנען...
און פּלוצעם ד׳רין דערשפּירן:
ס׳איז גאָר נאָך ניט פֿאַרווערט!
פֿאַראַן נאָך מוט, פֿאַראַנען
אין וועלט אין אײַזיק־ראָסטיקער,
און לאָזן לויפֿן זיך אין טאָג אין פֿרײַען,
און שפּירן:
אַ טאָג, אַ שטאָלענער, אַ שפּאָגל־נײַער,
אַ האַרץ אַ יונגס,
אַן אײַזערנער אַן אַלטער עמער —
זיך שפּילן אַלע דרײַען
מיט יונגע קלינגענדיקע טענער!..

מיט שטײַפֿער האַנט
דאָס ערשטע אײַז צעקלאַפּן,
אַרויסרײַסן אַ שטיקל טיף
און זען און הערן,
ווי טראָפּנס קלאָגן זיך און ווערן
און יאָגן זיך,
ווי שוואַרצער טריף,
אַהין, צוריק...
אין דעם איז אויך פֿאַראַן אַ שטיקל גליק!..

און מיט אַ צענדליק יאָרן שפּעטער,
אין טעג פֿון פּײַן, פֿון צער און צאָרן,

אין סוף פון נאַכט פון שווערער ווערן פלוצעם וואַך
און אויסצײַען די אָפּגעקילטע גלידער,
דעם שטומען צימער ניט דערקאָנען,
און הערן, הערן לאַנג,
ווי ערגעץ דאָ ניט נאָענט און ניט ווײַט
פאַרהערן זיך קאַנאָנען, —
דורך טריבער שויב דערזען,
ווי ס׳שפּראָצט אַ טאָג אַ נײַער דאָרן...
און אין דער רגע זיך דערמאָנען
אין יענעם פּראָסטיקן און קלינגענדיקן מאָרגן...
אין אָט דער פּײַן איז אויך נאָך גליק פאַרבאָרגן,
און יעדער אויפגעוואָכטער גליד נאָך זאָגט:
— איך וויל ניט שטאַרבן!
און מיט צעשפּרייטע פליגל קניט דער גײַסט
פאַר שוועבנדיקער קייט פון צײַט!
אָ, לאָזט מיך, רינגען, זיך פאַרקאַרבן!..
איך ווייס נאָך ניט, וווּהין איר ציט,
איך ווייס נאָך ניט פון וואַנען!
נאָר ס׳איז אַזוי פיל זיסע לייד פאַראַנען
אין אײַער גרויסן צײַען —
איך וויל מײַן ווײ נאָך ניט באַשרענקען! —
איך וועל נאָך דענקען,
איך וועל אין רעש פון קראַכן שטיל זיך מײַען,
איך וויל אין פּײַן
נאָך גלײַען,
גלײַען...

*

אַ שפּאַן טאָן מיט נײַעם, מיט ברייטן,
מיט אייגענעם נאָך ניט געגאַנגענעם גאַנג!
ווער זאָגט עס: ס׳איז פרי נאָך, איך דאַרף זיך נאָך גרייטן —
פון ירדן ביז וואָלגע איז פאָלג מיך אַ גאַנג...

געמאָסטן מיט טריט מיט באַשווערטע
די ערדישע דאָרניקע פלאַכן,
מיט זײַלן פון פײַער, מיט ווערקסענע ליכטלעך —
און גרייטע צו זוכן און גרייטע צו וואַכן...

איך זע זיי, די בלוטן, ביז בבל,
איך זע זיי, די דאָרשטיקע בויערס די צווייטע,
מיט טרייסטלאָזע קריצן אויף האַרציקן טאָוול,
מיט שניט פון אומזיסטיקן ווייטיק.

און ווײַטער,
און ווײַטער!..
נאָר ווער וועט דערציילן?
און ווער וועט עס הערן,
ווען ס׳פלאַקערט דער שײַטער?
און ווײַטער?

פאַר פײַער — ערד!
אַ שטויב — פאַר שווערד,
און ערשטע אָפּפער־שאָף אויף יעדן שײַטער!

מיט שטויביקייט
באַזיגט די גרעסטע ווינטן פון דער וועלט,
מיט פונקען — רגעס־פלאַם,
ווי זײַלן, דורכגעשטראַלט אין אייביקייט.

## דאָרשט

אָקאָרשט
בין איך אַרויס צו אײַך,
פאַרצאַמטע אוצרות דאָרשט.

אָקאָרשט
בין איך אַרויס צו דיר,
אָ, גרויסער הונגער!

איך אָטעם אָפּ.

ווי שאָלעכץ פאַלט פון מיר אַראָפּ
דער שליאַם,
וואָס האָט אין אַלע טיפע גריבער
געגאָסן זיך
אַריבער מײַן אַנטבלויזטן קאָפּ.
ווער קאָן אין גלי פון דאָרשט
פון מיר דאָ הייסן יִינגער?

פון גרויער אַלטקייט אויסגעטאָן
מיט ברוינעם נאַקעט מײַנעם
צווישן ווילדסטע,
צווישן יִינגסטע
מײַן אַלטע האַנט
איז הײַנט די גרינגסטע,
די מילדסטע.

*

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס בלוטיקן און בלוטיקן
און ברעכן שוין, ווי אַטשערעט,
די בינטלער אַלטע שווערדן;

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס הייבן זיך מיט שטאָלץ־געבעט,
מיט רוף מיט מוטיקן
צו נײַע פרײַע ערדן;

מיט נײַעם האַמער־שטאָל,
מיט נײַעם אַקער־אײַזן —
וואָס קאָנען הענט אַזוינע ניט באַווײַזן?

## געוויסן

געוויסן!
איך ווייס
מע זאָגט,
דו ביסט
אַ הונט —
אַ הונט,
וואָס האָט פון קייט זיך אָפּגעריסן.

כ׳בין שטענדיק גרייט
מײַן בליק אַ באָד צו טאָן
אין שווענבנדיקן ברען
פון דײַנע גרינע אויגן־רונדן.
כ׳בין גרייט צו זען,
ווי ביסט צעבייזט
פון לאַנגן רינגען־קלאַנג,
צערייצט
פון טויזנטער אַנטקעגנס,
וואָס רײַסן זיך
איןברייטן שלונג
פון רעכטס,
פון לינקס...

איך האָב דיך ליב, געוויסן!

שוין צו פיל זיכער,
צו פיל קנעכטיש און צופרידן
איז דער טראָט

פון אויסגערעכנטן און אָרנטלעכן גאַנג.
און קיין מאָל שאַט ניט
פאַר די קנעכל
אַ כאַפּ טאָן אים
מיט פּלוצעמדיקע שאַרפע ציין
און, ווי אַ הונט,
וואָס האָט פון קייט זיך אָפּגעריסן,
אויף זיינע טויזנט „יאָ"ען
אַ ברום טאָן איין מאָל און פאַרביסן:
— „ניין"!

*

איך האָב פיל היימען
דאָרט,
אין מערב־זײַט,
אין טליִענדיקע רוימען
מיט בלויע טרוימען
פאַרזוימטע.
איך האָב פיל היימען דאָרט.

נאָר ליבער נאָך
איז מיר
דאָס אָרט,
ווו מערב־פּײַלן
שפּאַלטן טויערן
אין נעכט פאַרטרוימטע.
אַהין, אַהין,
פון אומעטום
מיך ציט נאָך פאָרט.

מײַן ליבסטע היים — איז דאָרט.

*

וואָס זאָל איך דיר זאָגן
מײַן פּײַנטלעכער פרײַנד? —
איך דאַרף מיט דיר טראָגן
מײַן פּײַנלעכן הײַנט.

עס לעכצן געמיטער
נאָך פרײדן, נאָך ליכט, —
זײ טראָג איך מיט ציטער
מײַן לויטער געזיכט.

עס וואַרטן געמיטער
אויף צאָרן אויף גרים, —
פאַר זײ אין געוויטער
דאָ שטאָל איך מײַן שטים.

און זידט אויף אין האַרצן
מײַן צאָרניקער האָס, —
ווי זאָל איך אים שוואַרצן
מיט גאַליקן כּעס.

און שטעלט זיך אין אויגן
אַ ביטערע טרער —
איז שווער זיך צו בייגן
איז אָפּטרײסלען שווער.

וואָס זאָל איך דיר זאָגן
מײַן פײַנטלעכער פרײַנד? —
איך מוז מיט דיר טראָגן
מײַן פײַנלעכן הײַנט...

# ליריק

## אַרפּאַטשײַ

Пьют уже донские кони
Арпачайскую струю
**Пушкин**

כ'פּאַרשטיי דײַן יונגע פרייד,
נאָר נעענטער איז מיר
אין אָוונטיקער שײַן
בײַם צאַנק פון הויכן שניי
אַ הײַפל גראָווע ברידער דײַנע
פון וואָלגע,
דאָן,
פון מײַן אוקרײַנע...

איך שטיי
מיט זיי אין איינעם
אין אָוונטן
אין זייער גרוי געבעט
פאַר טירן אָפענע
פון לאַגער־צעלטן...

די שטערנדיקע וועלט
פון הויכן הימל
באַשיט
מיט גליִענדיקע בליקן
די גרויע זינגענדיקע עדה.

פון אַלטן רעמל
קוקט אויף אונדז
מײַן בלאַסער ברודער
פון גרינעם גליל.

און ס׳טרײַבט מײַן שטים
אין בענקעניש
צעגיסן זיך
אין הויכער פּראַכט
פון פרעמדער נאַכט.

## אַ פירעק שאָטן ליגט פון טונקלער וואַנט

אַ פירעק שאָטן ליגט פון טונקלער וואַנט.
אַ בלינדער אָרעמאַן באַזיצט דאָס שוואַרצע רעמל.
ער זינגט. פון אייביק אָן איז אויסגעשטרעקט זיין האַנט,
און קיינער טרעט דאָ ניט, און ס'הערן איך און הויכער הימל.

אַרמעניע!
דאָרט אין וואָלין, אין שטיל פון קליינעם צימער,
פון צאַרטער שאַגיניאַן האָב איך געהערט דיין ליד.
איך הער זי אין דיין היים, און העלער קומער
אין יונגן האַרצן מיינעם גליט.

עס קלינגט דיין ליד, אין מיר מיין בענקשאַפט קוועלט,
מיין בענקשאַפט איז פון איר נאָך עלטער.
איך בין אַ גר אויף דיינע שמאָלע פעלדער,
אַ תּושב אין דער גאָרער וועלט.

## שפּאַציר

דעם ליטוואַק נח לוריע

ס׳איז הײַיאָר פרי געוואָרן קאַלט. ס׳איז אויסגעפאַלן שניי,
און ווינטערדיק קוקט אויס די גאַס פון אונדזער שטאָט,
און אַלט און אוראַלט קוקט די הימל־ראָד,
ווי ס׳שמועסן גייענדיקע מענטשן צוויי.

פון ליטע איז ער, איך בין פון וואָלין,
זיך היינט באַגעגנט צופעליק און שפּאַנען סתם,
און פילן בײדע גלײַך, אַז ערגעץ זײַנען וואָרצלען גרין
פון איין געמיינזאַמען פון אונדזער בײדנס שטאַם.

פון ביימער שמועסן מיר, פון זייער וואונדערלעכן רויש,
פון אַלץ, וואָס איך האָב ליב און ער האָט האָלט,
און בלײַבן גלײַך פאַרשטוינט, ווען פלוצעם שוועבט אַרויס
אַ ווײַסינקע בערעזע נאָר אין זשאַווער־גאָלד.

## אָנהייב

עס ציט זיך פון ליכטיקן אָנהייב
מײַן פֿאָדעם מײַן דינער,
ער האַלט זיך מיט שטענגלעך
געשלענגלטע גרינע
אין װענטלעך פון קינדערשן װיגל.
— — — — — — — — — — — —
עס האָבן געבריקעװעט זוניקע יאָרן
און זײַנען געפלויגן.
עס האָט זיך מײַן פֿאָדעם געפּלאָנטערט
און האָט זיך געצויגן.
— — — — — — — —
איך זע אים איצט װידער,
מײַן ליכטיקן אָנהייב —
איך האָב אים געפונען.

און גרינגער אין שפּינראָד זיך דרייען,
און גרינגער איז שפּינען
און װיסן:
עס האָט זיך מײַן ליכטיקער פֿאָדעם
ניט איבערגעריסן.

*

פון מאָסקווע דער הויפּטשטאָט אין פרייִקע פלאַמען
אַ גרוס דיר, מײַן טײַערע, אַלטינקע מאַמע.

ווי שלאַנגען זיך רינגלען די בלוטיקע פּראָנטן,
און צווישן אונדזביידע אַלץ מער האָריזאָנטן.

ווי טוט עס אין שטיל דאָרט דײַן האַרץ איצטער שלאָגן,
דײַן האַרץ, אונטער וועלכן האָסט עלעף געטראָגן,

דײַן האַרץ, אויף קיין רגע וואָס ווערט ניט פאַראָרעמט,
דײַן האַרץ אין מײַן ברוסט, וואָס באַוועגט איצט מײַן אָרעם.

צי איז דאָס דײַן האַרץ שוין געוואָרן געווירע —
דײַן בכור איז אַ דיכטער בײַ ייִדן געבוירן

און אַז מיט דײַן מילך, וואָס ווי ווײַן האָט צעברויזט זיך,
אויף וועלטישער סעודה מײַן גײַסט איצטער גרייסט זיך.

פון מאָסקווע דער הויפּטשטאָט אין פרייִקע פלאַמען
אַ גרוס דיר, מײַן טײַערע, האַרציקע מאַמע!

*

אין טיף פון טיפסטן ים,
אויך דאָרט,
ווו די אַלמעכטיקע, די זון,
ניט טראַכט שוין פון קיין שליטה,
ווו ס׳ליגן שיכטן וואַסער־שטאָל
אין טויט באַרוטע;

אין פינצטערן בית־עלמין דאָרט,
ווו שיף־געביינען
צאַמען
הויפנס קברים
אין שווייַגעניש אין טיפער;

דאָרט,
וווהין דער שווערסטער שטיין
(וואָס שנייַדט אַמגיכסטן דורך זייַן וועג)
דערטראָגט אַ שוואַרצן גרוס
פון שייַן פון ווייַטער,
אַ שטומען גרוס
פון כוואַליעס־שפּיל
שוין טויזנט מאָל באַנייַטער —
אין טעג פון ווינט,
פון שלאַכט,
ווען אויף דעם ים
גייט באַרג אויף באַרג;
— אויך דאָרטן
האָט דאָס לעבן זיך געמאַכט אַ נעסט.

דאָרט ווײנען בריות
װוּנדער־מיאוסע,
װוּנדער־שײנע ;
און מער װי מיר
צו לופט,
צו שײַן צו רײנער, —
מיט דרוק
און קברים־חושך
זײַנען זײ פאַרבונדן פעסט.

## אַ כוואַליע

Волна в разлуке с морем
Не ведает покоя...
**Владимир Соловьёв**

אַ כוואַליע, פֿאַרשלאָסן אין קרייַז פֿון אַ ברעג,
האַלט שטענדיק אין נאָגן,
אַ כוואַליע, וואָס האָט נאָר צום ווייַטער אַ שטעג,
האַלט שטענדיק אין יאָגן.

באַגעגנט אַ כוואַליע אַ שוועסטער אין וועג,
איז אַלץ שוין פֿאַרשטאַנען —
געפֿלאָכטן די הענט אָן אַ טראַכט, אָן אַ פֿרעג,
ווּהין און פֿון וואַנען.

און וואַרפֿט זיך אויף וועג איר אַ גרענעץ, אַ דאַמב
און מוז זי זיך שטעלן —
באַהאַלט זי אין האַרצן איר טרוים וועגן ים
און כוחות אַלץ קוועלן.

און טראָפּן צו טראָפּן, און יעדער גלייַך בענקט
צו היים־ים צום אַלטן,
און טראָפּן צו טראָפּן, און יעדער גלייַך דענקט
פֿון רייַסן, פֿון שפּאַלטן!

אַ כוואַליע, וואָס ווערט מיטן ים נאָר צעשיידט,
ווייסט קיין מאָל פֿון רו מער,
אין העלער, אין שענסטער, אין קוועלנדער פֿרייד —
פֿאַרמישט איז שוין קומער.

*

איך בין געווינט
צו דײַנע גרוסן, ווײַטער צפון...
איך האָב געבלאָנדזשעט לאַנג
אויף הויל פון ערד,
געהערט,
ווי ווײַטן וויגן זיך,
ווי ווײַטן ווערן אײַנגעשלאָפן...
אין גרויער מיט
פון האַרבסטן־פעלד
האָב איך געקוקט,
ווי קאַלטער טוי
פאַרפערלט שטיל
דעם טונקלען שניט
פון רערלעך דינינקע
בײַ אַלטער שטרוי —
איך האָב פון עק פון נידעריקן פלויט
פאַרטרויט
מײַן בליק
דער גרויסער וועלט...

און ווען דער האַרבסט
מאַכט קאַלט און ברייט דעם הימל,
אַ פרעמדער בלאָנדזשע איך
אויף רוישנדיקע גאַסן...
פון הויכע מויערן דער ראַנד
פון ביידע זײַטן,
די פלאַכן די געבראָכענע

פון ברייטע דעכער אין דער ווײַטן
ניט זײַנען ברייטער מער,
ניט זײַנען העכער
פון פיצלער אַלטן פלויט
אין מיט פון גרויען פעלד...
איך האָב אַמאָל, נאָך קינדוויַיז
(ווי לאַנג איז דאָס געווען?)
פון עק פון נידעריקן פלויט
פאַרטרויט
מײַן בליק
דער גרויסער וועלט!..

*

דאָרט ערגעץ זוימען זיך שוין ווייַטן
מיט שווערן שלעפּ פון טונקלען גרוי,
נאָר דאָ איז העל אַזוי,
נאָר דאָ איז אַזוי לויטער!
דאָרט אין דער זייַט,
אין טויטער פוסטקייט פון דעם הימל
נאָך גליט די זון
מיט געלע לייַוונטן פון פעלדער
(שוין באַנומענע),
מיט העלע פייַערן
פון יונגע וועלדער,
מיט שטאָלן־בלויע פּאַסן טייַך
געזעגנט זיך די ערד
מיט קלאָרן קיניגרייַך
פון שווייַגנדיקן רוים...
מיט רו
באַחנט איז איר געזיכט,
און ס׳ריזלט נאָך
אין יעדן קנייטש
די צאַרטע ליכט
פון בלאַסן שמייכל,
אַ דאַנק
נאָך צאַנקט
אין האַלב פאַרשמאַכטן בליק...
ער איז געווענדט,
איר בליק,
צו אויסגעווייַסטע ווענט

פון מענטשן־וווינונגען,
און ס׳שײַנט
אין קלאָר
פון לעצטן טאָג
איר מוטערישער זאָג:
— פאַר מיר גענוג,
און אַלעמען בין איך הײַנט מוחל.
זון!
אין פולע שײַערן
פאַרזאַמלט איז דײַן גלי.
אין טעג פון אַלטער קעלט
אויף דײַנע ווײַטע גרוסן
אין שטיל פון אינדערפרי
וועלן ענטפערן דיר הויכע רויכן,
און יונגע באַקן
וועלן רייצן אים, דעם גראָוון פראָסט,
מיט רויטן הייסן בלוט,
און בליקן אויסגערוטע
דורך טרערן קלאָרע
וועלן פון אים שפּעטן
מיט פרישן מוט...
פאַר מיר געניג:
ס׳איז יעדער שטאָם
שוין טיף באַטרונקען
מיט שטאַרקן זאַפט
און רײַך און איבעררײַך באַהאַנגען
מיט זאַט...
איך קאָן שוין רויִק ליגן
מיט וואַסער־אָדערן פאַרקילטע

אין ווינטער־דעקן פעסט פֿאַרהילט...
— — — — — — — — —

און ווען אַ וואַנדערער,
אַ שטילער און אַ גלייביקער,
אַ מאָל אין נאַכט זיך לאָזן
איבער שנייען־פֿלאַכן
און ווען זײַן עלנט שלעפּן איבער פעלדער,
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעשפּילן,
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעלאַכן:
„ער וועט עס אומברענגען,
ער וועט עס אומברענגען
זײַן ביסל וואַרעמקייט
אין קעלט אין אייביקער...״
און ער וועט גיין,
און ס׳וועט זײַן שאָטן מיט באַדויערן
אים ווינקען,
און ער וועט גיין
און וועט אין שלאָף
אַלץ מער און מער פֿאַרזינקען.
— — — — — — — — —
וועל איך אַ צי טאָן אים
מיט צוג
פֿון מײַנע ווײַטע, ווײַטע נאָך צעגליטע טיפֿן,
און ער וועט פֿאַלן...
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעהוליען,
און שנייען וועלן אים פֿאַרהילן,
און כ׳וועל צו קאַלטער ברוסט אים טוליען, טוליען.
— — — — — — — — — — — — — — — —

און ערגעץ ווער אַ ווינט
מיט פרעמדער צוויַיגן־האַנט
אַ קלאַפּ טאָן אין אַ וואַנט,
און ס'וועט אַ האַרץ אַ נאָג טאָן,
און ערגעץ וועט אַ קינד
זיך פּלוצעם־ד'רין צעשרײַען,
און ס'וועט אַ פּײַער טאָן אַ פינקל
אין ווײַט פון פינצטער־טיפן.
און מוטערישע אָרעמס,
וואָס טראָפּנס שלאָף פון זיי נאָך טריפן,
וועלן בלינד דאָס קינד געפינען
און צו דער פולער ברוסט
עס טוליען, טוליען...

*

אין דער גרויסער אַלייע
זײַנען שטרענגער די ביימער !..
אין קלאָרע פרימאָרגנס
איז גרינג דאָרט צו שפּאַנען,
איז גרינג דאָרט צו קלערן
מיט האַרבסטיקן האַרצן...
אויף קינדער פאַרברוינטע
דאָרט וואַרטן קאַשטאַנען
(ס'איז הײַיאָר געראָטן)
און זוניקע רעדלעך
דאָרט ליגן און רוען
אין בלוילעכע ראַמען
פון קילבלעכן שאָטן...
אין דער גרויסער אַלייע
זײַנען שטרענגער די ביימער !..
אין קלאָרע פרימאָרגנס
איז גרינג דאָרט צו קלערן —
פון שטויביקן אומרו
דאָס האַרץ צו באַשווערן...

*

דער לעצטער בלעטערפֿאַל !..
און יעדער שפּאָן
מיך פֿירט אין טיף פֿון האַרבסט...
און ווידער רופֿט
און מאָנט דאָס האַרץ
מיט ווײַטע אויסוועלטן זיך העפֿטן...
דער פֿאַרקן ריכט מײַן וועג,
און יעדער ראַנד
פֿון שטיין, פֿון אײַזן
דערציילט דער וואַרעם פֿון מײַן האַנט
מיט קאַלטע שטעכיקע באַווײַזן,
אַז צווישן שוועסטער־קרעפֿטן
אין גרויסער וועלט,
דאָרט העכער צוים און העכער ריגל,
אין לופֿטיק־שטאָלענעם געפֿליגל,
דאָרט לויערט זי —
די אומפֿאַרשטענדלעכע, די אומבאַגרײַפֿלעך ווײסטע קעלט...
נאָר דאָ איז שטיל,
נאָר דאָ איז גרינג
אויף נאָך אַ זונען־גאַנג פֿאַרהילן
דעם קוים פֿאַרדרעמלטן,
דעם קוים געשטילטן ווילן...
ער וואַרט
אויף נײַעם, אויף ווידער נײַעם,
אויף ווידער ערשטן,
אויף ווידער פֿלאַמיקן גענוס...
— — — — — — — — — —

ווּ ביסטוּ, נײַער קוואַל,
פאַר נײַעם דאָרשט פאַר מײַנעם ?
— — — — — — — — — — — —
דורך הוילן שפּיץ פון בוים,
דורך קריץ
פון שוואַלבן־פלי אין בלויען רוים
איצט שיק איך דיר מײַן בענטשנדיקן גרוס !..

*

אויף גאָרנס איבער מיר,
אין גאָרנס אונטער מיר,
מיט אָנמאַכט נאַכטיקן
אין שלאָף
געוויקלט, ליגן מענטשן...
דורך פענצטער אָפענעם
אַ שוואַרצע שטיק פון וועלטן־שטאָף,
אין בלוי, אין העל געשטערנט,
פאַרפאָרהאַנגט מיר מײַן גלײַענדיקע מי
בײַ פרײַנדלעכן געוואַר
פון מײַן עלעקטרע־לעמפל...
אַרום איז נאַכט.
און דאָרט, אין אַנדער האַלבן קרײַז פון אַט דעם הימל,
דאָרט ליגט אַן אַנדער האַלבע וועלט
אין העלער שײַן, אין טומל...
היי, אַלע איר, ווער ס׳וואַכט
אַט איצט
מיט מיר!
ווער ס׳קוקט אין נאַכט,
ווער ס׳זינקט אין טאָג,
ווער אויגן ערשט פאַרפלאַמט אין שפּיל פון מאָרגן־שײַן!
מײַן ווײַטער ברודער, ווער דו זאָלסט ניט זײַן:
איך גיי מיט אָפן האַרץ צו דיר
מײַן לעבן צו פאַרמערן,
און ליגסטו שטום אויף בראָכשטולן פון וויי,
און לייגסטו האַרט אַרײַן
אין ענג פאַרשנירטער ברוסט

דעם שטייַן פון הייסן האַס,
און מורמלען פון ליבע דייַנע ליפּן —
פאַר אַלץ איז אָפּן שוין
די טיר פון מייַנע ריפּן...
כ'בין איצטער אויף
אין פּלוצעמדיקן גלי,
דאָ נעבן ליגט אַ שטיקל נאַכט,
אַ גרויסער טומלדיקער טאָג,
און אונטן דאָרטן — אַלע מייַנע יאָרן
פון שלאָף, פון וואָר,
פון דורות און פון תּקופות...
— — — — — — — — —
און יעדער רגע־קאַפּ,
וואָס ס'וויל מייַן האַנט פאַרכאַפּן,
אָן אויפהער שוועבט אַוועק
אין אַלע שווינדלדיקע עקן.
— — — — — — — — —
וואָס קאָן מיר איצטער פעלן?
וואָס קאָן דאָס האַרץ נאָך וועלן?
חוץ קוועלן, קוועלן
און פול און איבערפול צו זייַן
מיט פּייַן,
מיט זיסער פּייַן...
— — — — — —
און וויסן, וויסן,
אַז ערגעץ איבער שוועלן
וועט נאָך אַ האַרץ געניסן,
און פול און איבערפול וועט זייַן
פון מייַן שוין לאַנג פאַרשווענדטער פּייַן!..

## אָוונט

און אויב
דער טאָג געווען איז הײַנט שוין אומקלאָר שיין
און אויב
די מענטשן־שפּיל אויף גרויסער גאַס איז הײַנט געווען ריין —
איז ווען עס בייגט צו אַנדער טייל פון לעבן,
צו שלאָף־געהעפט, צו טרוים־געוועבן,
איז וועמען עס דערציילן גרינג
מיט שטילן גלעט פון אויג,
מיט ווערטער פּראָסטע וועגן ברויט און וועגן זאַלץ,
מיט גוטן נייג
צו הערעלער צו זוניקע
אויף יונגן האַלדז?
און דאָרט. און דאָרט,
ווו ברעקלער קבר־פינצטערניש
מיט ליים פאַרפרוירענער זיך האָבן שווער געשאָטן —
דאָרט נאַכט נאָך נאַכט
(שוין ווייך געשיכט
אין ערשטע פרילינגס־נעפּלען)
דאָס בערגעלע דאָס גראָוס שוין האָבן שטיל באַטראָטן...
און אויב
איך גלייב,
אַז אויף דעם טיפסטן הינטערגרונט,
אויף קלאָרסטער שויב,
פון אונטער אַלע זעונגען־געמישן
וועט גאָר שוין ניט פאַרווישן
דײַן גאָלדן־בלוטיק בילד —
איז וועמען עס דערציילן טרײַ און מילד?..

## פרי

פון ווײַטע זונען־כוואַליעס נאָך אַ טראָג,
און נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ טאָג.
און וואָס איז זעקס, און וואָס איז זיבן,
אַז יעדער איינס נאָר ווייסט,
ער הייסט:
לעבן!..
לעבן!

איך ווייס:
איך וועל נאָך פּאָלגן יעדער הייס,
איך וועל נאָך הערן יעדער שאָף
פון מינדסטן פינגער דײַנעם —
אין גרויסער ווידערשפּעניקייט אַ קנעכט,
אין גרויסער האַרנקייט אַ שקלאַף,
אין פריידן און אין פּײַנען!
איך ווייס:
אַן אַנדער אויבערהאַר,
אַ שׂר פון גאָר אַן אַנדער ווילן
וועט זיך ניט רויִקן,
וועט זיך ניט שטילן —
ער וועט מיך גרײַפן אומגעריכט,
ער וועט מײַן קלאָר געזיכט
מיט בלענדעניש פאַרקלעפּן
און וועט מיך טרײַבן
צו גלאַנץ פון אויג,
צו גלוט פון ליפּן...
נאָר דיר, אָ, טויט!

דער שוואַרצער פאָן אויף דײַנע שוועבנדיקע מאַסטן,
אויך דיר
בין איך פון איצט שוין טרײַ,
ווי כ׳בין דיר טרײַ געבליבן,
מײַן גרויסע פרייד, מײַן שווערע לאַסט,
מײַן לעבן !..

# אויף ליכטיקע רויִנען

*

דינסטו ווײַטן —
איז דער וועג דײַן היים;
וועג אויף וועג פֿאַרבײַטן,
היים אויף היים.

דינסטו צײַטן —
אײַל ניט מיטן לוין,
זע נאָר ניט פֿאַרבײַטן
אויף אַ קראַנץ די קרוין.

*

ליבע, גיי זעלטן אַרויס פון מײַן הויז,
איך ווייס:
דו קערסט קיין וועלטן ניט איבער,
נאָר בויסט נײַע אויס.

*

עס וועט צו אַלעמען דערגיין
די ליבע פון מײַן האַרצן —
אַ בלי פון בלוט, וואָס שיקט מײַן פאָלק.

עס וועלן אַלע דאָ פאַרשטיין
די מיינען פון מײַן האַרצן —
אַ ווונק אַ שטילער פון מײַן פאָלק.

אין אַלע מיינען נאָר איין מיין —
די ליבע פון מײַן האַרצן...
זי וועט צו אַלעמען דערגיין,
עס וועלן אַלע דאָ פאַרשטיין
דעם בלי פון בלוט, וואָס שיקט מײַן פאָלק —
די ליבע פון מײַן האַרצן.

*

ח. נ. ביאַליקן

עס שיילט זיך די ווונד פון מײַן אומרו
און ווערט שוין געהיילט,
מיט פינצטערע וואַרעמע שטומרייד
אַליין זיך מײַן האַרץ שוין דערציילט:

איר זעט דאָרט, איר אַלע, איר ווייבע, איר האַרבע,
ווי ברייט דאָ מײַן ברוסט איז צעפּראַלט,
אַז טרערן, ווי אַרבעס,
אין פינצטערניש פאַלן און פאַלן...

אַז יעדן פון מײַנע באַגלייטער,
אויף שווערן, אויף ערדישן וועג
מיט נעצן פון ליבע און ברייטקייט
פאַרצי איך אויף ווײַטערע טעג.

*

ד. בערגעלסאָנען

אין לאַנד — אָן דאַך אויף האַלב —  
מײַן האַרץ — אַ צאַרטע שוואַלב,  
אין שאַרפן שנאָבל — ליים,  
אין בליק — אַ פראַגע: היים?

פון פרײַנדינס דאָרט אַ שנור,  
פון פרײַנדינס דאָרט אַ רינג,  
אין ים אין בלויען זינקט  
און ווינקט, און ווינקט צו מיר...

און דאָרט בײַם אַלטן שטיין,  
באַוואַשן מיט געוויין —  
דער וועכטער אויף דער וואַך  
בײַ וואַנט, וואָס אָן אַ דאַך...

אין לאַנד — אָן דאַך אויף האַלב —  
מײַן האַרץ — אַ צאַרטע שוואַלב,  
אין פרייד אויף ווײ געזאַלבט.

*

טויט זײַנען שטערן,
טויט זײַנען ערדן,
טויט זײַנען וועלטן,
וואָס האָבן קיין לופט ניט,
קיין וואָלקן,
קיין נעפּל,
קיין טוי.
טויט זײַנען לעבנס,
טויט זײַנען שטרעבנס,
וואָס האָבן
קיין רוף ניט,
קיין טרוים.
באָדן !
באָדן אויף אַקער
אויף בוי.
נאָר שטאַרק איז אויף באָדן
אָט דער
וואָס אויף ערדן
מיט באַרוף איז באַלאָדן,
מיט טרוים...

## אַהרנס געבעט

(פון אַ פּאָעמע „אהרן")

דו איינציקער, איינער, אַן בילד, אַן געשטאַלט
אויף שפּרייטונג פון הימלען פון זיבן.
דו האָסט מיך פאַרשאָלטן און האָסט מיך געזאַלבט
אויף וואָרהאַפטע טרוימען־געוועבן!

און קוק איך, און זע איך אין ערדישן טאָל,
ווי אומגעדולד שטורעמט אין דראַנגען,
און הער איך, ווי ס׳קנאַלן אויף שײַטערס אָן צאָל
אין דאָרשטן צעגליטע פאַרלאַנגען.

חוץ ערדישן אָפּבילד, חוץ גאָלדענעם קאַלב,
וואָס קאָן איך פון טרוים זיי דאָ געבן?
דו האָסט מיך פאַרשאָלטן און האָסט מיך געזאַלבט
אויף וואָרהאַפטע טרוימען־געוועבן.

*

אויך איך פֿאַר וועלט פֿאַר דײַנער קאָן ניט קניִען,
ביז כ׳האָב ניט פֿאַר מײַן אויג
צוויי ליבע־בליקן מענטשלעכע, וואָס גליִען
און וואַרטן אויף מײַן בויג.

די העלע ערשטלינגען, פֿאַרוווּנדעטע, באַטריבטע אויגן,
זיי שווימען דאָרט אין ימען־ווײַט,
ווו וועלטן מערן זיך פֿון שטערן־רויגן
אין אייביק נײַעם בײַט.

אָ, קום צו גיין, אָ, קום, דער בלאַט פֿון האַרצן
איז אָפֿן שוין פֿאַר נײַעם פֿרייען וויי,
איך הער דײַן צאַרטן טראָט שוין אין בײַנאַכטן,
איך זע אין העל פֿון טאָג: דו גייסט.

## צו דעם, וואָס גייט דאָ נעבן מיר!

דו זעסט מײַן נאָכגיביקן שמייכל,
דו זעסט, ס'איז מיד
מײַן העל געזיכט —
וואָס קאָנסטו זען?
איך בין דיר מוחל...

איך וועל מײַן שטיין
ניט ברעקלען מער אויף קליינגעוויכט,
איך וועל אים טראָגן שטיל,
מײַן שווערן שטיין,
אין טומל ליכטיקן פון קאָכעדיקער מיט...

און דו?

דו זעסט, ס'איז מיד
מײַן העל געזיכט,
דו זעסט מײַן נאָכגיביקן שמייכל.

וואָס קאָנסטו זען?
איך בין דיר מוחל...

*

און וואָס איז מיר פּלאַסטער אויף גאַסן ?
איז וואָס איז מיר פּילשטאָקיקער מויער ?
כ׳בין שטענדיק אין תּוהו־ובוהו,
אין שוועבונג אויף אייבערשטער וואַסער...

*

ווער קאָן זאָגן, ווער קאָן וויסן,
אפשר שלאָגן כוואַליעס־ריזן
נאָר צוליב דעם וויסן שוים,
ווערלכן מיר באַמערקן קוים.

*

אַלץ איז פֿאַר זיי,
פֿאַר די, וואָס אַרום,
וואָס קומען און קומען
מיט יעדן בליק פֿון מײַן אַוועקגיין...

און ווייס איך, איך קאָן מיט זיי ריידן...
און ווייס איך, איך קאָן זיי פֿאַרשטיין,
איז גרינגער זיך פֿרייען און גיין,
איז גרינגער זיך שיידן.

*

מילנערן

קומט אַהער,
קומט צו מיר,
קומט אַהערצו,
איר, ברעקעלעך רו,
איר, טראָפּנדלעך פרייד,
וואָס זײַנען פֿאַרקנאָטן
אין טייג פון געמיט,
וואָס זײַנען באַהאַלטן
אין טונקעלע הערצער —
קומט אַהער,
קומט צו מיר,
קומט אַהערצו
אין זויבערע ווערטער.

איר, טראָפּנדלעך פרייד,
איר, ברעקעלעך רו!
קומט צו מיר,
קומט צו גיין
אויף דעם פּליין
פון מײַן הויכן געמיט!
קומט צו מיר,
קומט צו גיין
צו דער ליכט,
וואָס אין זיכערקייט ברענט
אין געוויטער פון האַרץ,
אין דער מיט

פון דעם פליין
פון מײַן הויכן געמיט.

איר, ברעקעלער רו,
קומט צו מיר,
קומט צו גיין
פון קינדערשן חן,
פון קלאָרקייט פון גרייַז.
קומט צו גיין, שטעלט זיך אויס אין אַ קרייַז
אַרום ליכט פון מייַן האַרץ,
וואָס אין זיכערקייט שייַנט,
וואָס אין זיכערקייט קוועלט
אין אַשן פון חרובער וועלט,
אין שטרויכן פון מענטשלעכן זייַן.

*

בלאָער, בלאָער... שטערן העלער
דאָרט, ווו ס׳רופט זיך הימל —
ברידער, מיטלײַט, פֿרײַנד, געזעלן,
הערט מײַן שטילן הימן.

כ׳קאָן נאָך בענטשן, כ׳האָב נאָך לידער
טיף אין האַרץ באַהאַלטן, —
פֿריד צו אײַך, איר הענט, איר מידע,
הענט מיט מי געזאַלבטע.

קריגן פֿרײַהייט, נויט באַזינען —
שיינע שווערע צילן, —
איך מײַן פֿרײַהייט קאָן דערשפּינען
אויך אין שטילער תּפֿילה.

קאָנט אויך, מיטלײַט, קאָנט אויך, ברידער,
מיר מײַן ליד פֿאַרגינען —
פֿריד אײַך, פֿריד אײַך, גלידער מידע,
פֿריד אײַך ביז באַגינען.

*

הײַנט בין איך מיד פון אַלץ־װײסן,
מיד בין איך הײַנט פון אַלץ־װעלן.
איך װיל הײַנט געניסן
פון העלן,
פון שטילן,
פון זיסן ניט־װײסן —
װי װאַסער, מיר װילט זיך הײַנט פליסן
און קװעלן. און קװעלן...

## דער לייטער

...און הימלען אַלץ טיפער, אַלץ העכער,
און בלויער, און ברייטער...
פון הימלען ביז פעלדער ביז ווייכע —
איין גאָלדענער לייטער.

אויף העכסטן סאַפּירענעם שטאַפּל זיך ווייַזט
אַ מלאך אַ היטער מיט שטראַלן באַקרייַזט.
אַ צווייטער, אַ דריטער און איינס נאָך אַנאַנד,
אַ ריטל אַ זוניקס בייַ יעדן אין האַנט.

און פעלדער זיך ציִען צו גאָלדענע שטאַפּלען
מיט וואַסערן בלויע, מיט טיפע שוואַרצאַפּלען.
פון שטאַפּל צו שטאַפּל, און שטאַנג ניט באַרירט,
מלאכים אַ שורה זיך רינגלט און פירט.

אויף יעטווידן מלאך אַ שפּראָצלינג שוין וואַרט
אין ערדישע שויסן, אין וואַרעם, אין נאַכט.
אַט האָט שוין אַ גרעזל, מיט שטראַלן באַרעגנט,
זייַן מלאך, זייַן היטער מיט ציטער באַגעגנט.

אויף לאָנקעס, אויף בייטן, און ערד ניט באַרירט,
די שורה מלאכים זיך רינגלט און פירט.
און מלאך צו גרעזל, צו דעם, וואָס געהערט,
אין שטילקייט זיך בייגט און אויף וואַקסן באַשווערט.

און פעלדער אַלץ פרישער, אַלץ ווייכער,
און פעלדער אַלץ מילדער,
און גראָזן אַלץ גרינער, אַלץ העכער,
געדיכטער און ווילדער...

ווען ס׳וואָלטן די ווינטן ניט בלאָזן,
ניט רוישן די רעגנס,
ניט סקריפּען די אַקסן,
דאַן וואָלט איר געהערט, ווי עס שעפּטשען זיך גראָזן:
„מיר וואַקסן, מיר וואַקסן!"

## פרימאָרגן

ס׳האָט אָנגעווייט
פון שנייעלער אַ באַרג —
אַ באַרג
פון שניי
פאַר שוועל פון נײַעם הויז פון מײַנעם.
און קלאָרער הימל
באַפּערלט
יעדן נאָדל־שטאָך
אויף שניי,
אויף האָפּט,
וואָס לופט און וואַסער
(די פּשוטסטע, די קלאָרסטע נעמען
אויף דער ערד)
אין שפּיל פון ווינטערדיקן טאָג
דאָ האָבן פליִענדיק באַשאַפן.
און ס׳ווײַסן זיך די ווענט פון ווענט מײַנעם,
און ס׳ברייטערט זיך מײַן האַרץ
דורך גלאַנץ דורך וואַרעמען
פון מײַן שוואַרצאַפּל...
פון שנייעלער אַ באַרג,
אַ בערגעלע אַ קליינס
אַ ווײַסער הויך,
אַן אָטעם פון מײַן קלאָרער טיר.
און דאָרטן שטײַגן זיי, די בערג,
די קנייטשן פון דער ערד,
און מאַנטלען שנייִיקע זיך גליטשן פון די אַקסלען.

*

שוואַרצע, קאַלטע, אָפּגעהאַקטע שטאַמען
פּאַשען זיך, ווי שעפּסן, דאָרט צוזאַמען
אויפן באַרג.

ווילט איר, ווילט איר, קאָנט איר איצט נאָך דרינגען:
ס'האָט אַמאָל אַ פרישער וואַלד געגרינט דאָ...
ס'איז מיר קאַרג, ס'איז מיר קאַרג!

ווילט איר, ווילט איר, קאָנט איר נאָך געפינען:
ס'וועט אַ וואַלד אַ הויכער דאָ נאָך גרינען —
דאָס איז שיין.

מײַנע קינדער וועלן דאָרט שפּאַצירן,
וועלן זיך אַהין אַליין שוין פירן —
איך שוין ניין, איך שוין ניין...

כ'ווייס, אַז אַלץ, וואָס כ'האָב דאָ אויף די ערדן,
וועט אַ מאָל, אַ מאָל פאַרגליווערט ווערן,
אָ, טוט באַנג.

נאָר דערווײַל איז איצט מײַן העלער ווילן,
ווי מײַן וועלן, ווי מײַן גרויס געניסן —
אַ געשאַנק, אַ געשאַנק.

*

אַ טאָג יאָגט נאָך דעם צווייטן,
נאַכט גייט נאַכט אַנטקעגן, —
אַ פאָדעם פון פרימאָרגן
וועבט זיך מיר אָן אויפהער.

איז גרינג מיר אים באַגלייטן,
באַגלייטן און ניט פרעגן:
ווו זײַנען זיי פאַרבאָרגן,
זײַנע העלע סופן?

פאַרבלענדט מיך טאָג מיט פלאַמען.
פאַרשווענקט מיך נאַכט מיט שוואַרצן —
מיט מיר, מיט מיר צוזאַמען
מײַן פאָדעם אין מײַן האַרצן.

*

ס'איז שווער צו פֿאַרגעסן די שאַרפֿע אַמאָלן.
וואָס האָבן פֿאַרשניטן זיך טיף אין מײַן לײַב,
הערן דעם רוף פֿון די טיפֿן:
פֿאַרהיט זיך, פֿאַרבלײַב!

און ניט קאָנען קיין ווענטלער פֿון פֿרעמדקייט צעשטעלן
און שטענדיק זיי שפּירן פֿון פֿרעמדע אַרומען,
די שטומע באַפֿעלן:
פֿאַרענדער זיך, ענדער!

זײַ גרייט,
פֿאַר ליבע צו אַלע
צו אָפּפֿערן, דעמפֿן
דײַן קינד און דײַן ווײַב!

ניט גרינג איז פֿאַרגעסן די שאַרפֿע אַמאָלן,
ניט גרינג איז אויף ליבע מיט ליבע ניט צאָלן.

*

פֿאַרלאָז די שוועל, אַרויס אין דרויסן —
הער, אין שטילעניש אין גרויסער
פֿאַלן שנייען...

הער, אין שטילעניש אין טיפֿער
שווײַגנס פֿליסן, שווײַגנס טריפֿן
שטומע ווייען...

ווײַסע גלאַנצן, קאַלטע שטראַלן
שפּינען אויס אין זייער פֿאַלן
נעצן טרויער.

שטעל זיך, שטעל בײַם דאָרפֿס צוקאָפּנס,
הער, ווי ס׳וואַרט אויף מענטשנס קלאַפּן
טיר און טויער...

## נעכט

הינדען

הײַנט בײַ נאַכט
דורך טיפֿע רערן פֿון מײַן שלאָף
האָב איך דערזען דיך אַ פֿאַרװײנטע...
אויף בלאָװן נאַכט־געװעב
געשװעבט האָט דײַן געזיכט,
און טרערן שװערע,
װי שטענדיק הויכע שטערן־ליכט,
באַגאָסן האָבן מילד
די שטילע שאָטנס
פֿון מײַן נידעריק געמיט.

הײַנט בײַ נאַכט האָב איך דערפֿילט דיך
אַ פֿאַרװײנטע,
מיט צוגעמאַכטע בליקן
געדריקט זיך
צו צאַרטער לויטערקייט
פֿון שטערן דײַנעם,
דורך פֿיבערדיקע הײַטלער
געפֿירט
שװאַרצאַפּלען מײַנע
אויף דײַן פֿאַרװײנט געזיכט,
מיט ליפּן גליִענדע
געגלעט די זיסע זאַלץ
פֿון שױן געשטילטע טרערן,
און האַרץ אין מײַנע בײדע ברוסטן
האָט הײס געשװוירן,

אַז אַלץ, וואָס אונטער זון און שטערן
נאָר וויגט די קרוין פון מײַנע ציט׳ריקע פאַרלאַנגען,
אַז אַלץ פון אָטעם דײַנעם
אין טראָגן איז פאַרגאַנגען,
פון אָטעם דײַנעם
איז געבוירן...

*



אַ רמז אויף איר... און אויף יענע,
אויף די, וואָס געווען שוין, וואָס וועלן נאָך זײַן!
אין פּינטלען פון וויַעס דערקען איך
מײַן נײַע פאַרבאָרגענע שײַן.

איבער ליפּן פון חן האָסט אַ פּינטל,
ווי אַ סימן פון טרויב אויף אַ קינדערשער ברוסט.
איך קוק, און פאַר האַרץ מײַנעם שווינדלען
די פריידן פון ערשטן גענוס.

און מײַן זוכן, מײַן גאַרן, מײַן ליבע,
מײַן אומרו, מײַן בענקען, מײַן דאָרשט —
אויף פּינטל פון חן איבער ליפּן
זיך אַלע געפינען אַן אָרט.

## פון אַ בריוו

און בין איך נאָר אָט דעם צוליב אַרייַנגעגאַן אַהערצו —
דעם שוואַרצן פענצטער צו דערציילן,
אַז מייַן געמיט, ווי אָטעם, פעלט שוין
דער יונגער מיטגעזאַנג פון נאָענטע פון שטילע הערצער.

איז שוין גענוג, אַז מייַנע בענקענדיקע דאַנקען,
ווי פריש געפאַלענע, ווי קלאָרע בליטן,
צו טריט צו אייַערע זיך זאָלן ווייַס צעשיטן,
אַז אַקסלען אייַערע זיי זאָלן רייַך מיט דאַנק באַהאַנגען ווערן...

*

...און וואָס בין איך שולדיק, אַז אָרעמס כ׳האָב ווילדע,
וואָס האָבן נאָך ליב אים, דעם אָנשטעל פון פאַנגען
ביַי העלדזער שוין מילדע ?

און וואָס בין איך שולדיק, כ׳האָב ליפּן פאַרשנירטע,
וואָס צינדן דעם אָטעם פון ליפּן צעמישטע,
פון ליפּן פאַרפירטע ?

און וואָס בין איך שולדיק, אַז זיי, מיַינע אויגן,
ווי קינדערשע ציינער, וואָס ביַיסן די ברוסטן —
די ברוסטן, וואָס זויגן ?..

*

פ. ב. געווידמעט

פון שויס פון דײַנעם גיבן מיר אַ גרוס
פרעמדפעלקערישע רײַכע לײַבער.
(איך האָב פון זיי אַ ווײַטן אויג־געניס
פון אַלטן אַמסטערדאַמער לײַוונט).

נאָר קלאָרע ריינקייט, ווייך, נאָר שטרענג
פון בליקן פּאַכט מיט שטראַלן־ריטער,
און ס׳בענקט מײַן יונג געמיט, און בענקט
פון דײַנע רײַכטימער אַ ווילדער היטער.

*

הגידה לי שאהבה נפשי...
אם לא תדעי לך היפה בנשים...
(שיר השירים א, ז—ח)

נו, זאָג מיר נאָר, מײַן פרײַנד,
די שײנע צװישן פרױען,
צי איז דײַן צאַרטקײט אַזױ מעכטיק ?
צי איז דײַן צאַרטקײט אַזױ [illegible] מעכטיק ?
צי פריִיִקע, צי אָװנטיקע זײַנען דײַנע טױען,
צי האָט דאָ נאַכט פאַרטאָגט,
צי האָט דאָ טאָג פאַרנעכטיקט ?

נו, זאָג מיר נאָר, מײַן פרײַנד,
די שײנע צװישן פרױען,
פון װאַנען שװעבן זײ, די העלדזער־שװאַנען ?
איך בעט, מײַן פרײַנד, דו זאָלסט עס מיר פאַרטרױען,
אױב ס׳איז דאָרט ערגעץ־װוּ אַ לאַנד אַזאַ פאַראַנען...

נו, שעם זיך ניט, מײַן פרײַנד,
די שײנע צװישן פרױען,
אױב ס׳איז קײן לאַנד פאַראַן,
אױב דו ביסט אײנע,
איך װיל אױף האַלדז אױף דײַנעם
אױסגיסן מײַן טרױער,
איך װיל אױף האַלדז דײַנעם
דאָס באַװײנען.

דאָרטן, דאָרט אין קלאָרע הויכע בלויען,
העלדזער־שוואַנען ווערן דאָרט געבוירן ווידער,
העלדזער־שוואַנען פון פאַרשלאָנקטע לידער —
איך גלייב אַזוי, מײַן פרײַנד, דו שײנע צווישן פרויען.

*

פאַר דער רגע
דער שטורעמדיק שטילער,
וואָס קאָנט איר מיר שענקען,
וואָס קאָנט איר מיר געבן פאַר איר...
פאַר דער רגע
דער שטורעמדיק שטילער,
וואָס קומט נאָך צו מיר —
וואָס קאָנט איר מיר אַלע,
וואָס קאָנט איר מיר שענקען,
וואָס קאָנט איר מיר געבן פאַר איר?..

*

וואָס איך האָב געפונען הײַנט?

איך האָב געפונען הײַנט
דאָס מאָל דאָס הונדערטסטע,
אַז דו, מײַן פרײַנד, ביסט מיר געפעלן.

און זי, דײַן שוועסטער־קינד,
כ'זאָל האָבן אַזאַ יאָר,
געפעלט מיר אויך.

און איבער סאָסנעס־שפּיצן אין דער הייך
האָב איך געפונען אַ גערויש פון אַ מאָטאָר,
וואָס טרײַבט אַ שווינדיקן פּראָפּעלער.

איך האָב געפונען הײַנט, —
זי גייט פאָרויס די וועלט און גייט,
און איבער מאָסקווע שוועבן אָפּט עראָפּלאַנען.

נאָר קיינער ווייסט נאָך ניט,
וווּהין אַנטלויפט די פרייד,
און קומט זי אָן —
ווייסט קיינער ניט פון וואַנען.

כ'האָב געפונען הײַנט
אַ קלונג פון מײַן אַן אַלטן שטאָלענעם געדאַנק,
אין מיטן וואַלד,
אין ווילדן מאָך.

געפּונען האָב איך נאָך
ס׳איז שבת הײַנט.
און פֿון מײַן מאַמען ניט געהערט האָב איך שוין לאַנג
„אַ גוטע וואָך״.

## געבוירן

קלאַרען געשענקט.

פון אַלע רוישן אין געשטרויך פון וועלטן
איז הײַנט
מײַן פאַנג
איין שטענדיק וואַכנדיקער „זעלטן" —
פריגעקלאַנג.
אויף דעם לעבנס יונגן רוקן
הוידעט זיך דער אַלטער ווערטער־שפּאַן.
מײַן בײַטש איז וואַך, —
שטאַרקע, שטײַפע לייצעס
איז דאָך גרינג צו לאָזן שוואַך...
און וואָס גרעסערס
און וואָס שענערס איז פאַראַן —
אויף דאָס נײַ
צו ווערן דאָ געוווירע,
אַז פון אַלץ,
וואָס איז פאַרזאַמלט
אונטער שטערן־שילד,
אויף שטאָלצן קאָפּ,
אַמנײַסטן שימערט דאָ
אויף אַלטן ווערטער־שפּאַן
דער גלאַנציקער
דער פרישער קנאָפּ
„געבוירן" !

## עיגול

רחמנא לבא בעי

אויף מאַכן אַ הייליקן עיגול
געגוג איז אַ פּשוט צווײַגל,
וויכטיק איז נאָר די כּוונה.

גרינג איז דאָ פרישינקע צווײַגלעך צו קריגן,
גרינג איז בײַ טאָג דאָ צו שווײַגן
(בײַ נאַכט איז מיר גרינגער צו שלאָפן),
און זון איז דאָ הויפנס פֿאַראַנען,
און אַלע פיר זײַטן פון וועלט זײַנען אָפן —
פון איין זײַט אַ זעע, וואָס פירט אין אַ צווייטער
און ווײַטער צום ים,
דערצו איז האַלב ניסן,
ווי אַן אויג איז זי פול, די לבנה...

אַ האַרץ, וואָס איז ציט'ריק און גלייביק,
האָט ליב צו באַשווערן...
מאַך איך אַן עיגול —
צו הייליקע פריידן מײַן הייסע כּוונה,
די פריידן, וואָס זײַנען געשענקט מיר פון יוגנט,
די פריידן, וואָס זײַנען פאַרגרייט
פאַר מיליאָנען
און טראָגן זיי דאַרפן יחידים.
אין נאָמען פון אָט אָ־די פריידן
זאָג איך מײַן האַרצן מײַן מידן:
הייב אָנעט.

די שבועה די ערשטע

דער אײַזערנער קאַמער פֿון דענקענדן מוח:

דײַן זאַך איז — זײַן ניכטער,
יעדערער האָט זײַן באַרוף אונטער הימל,
פֿאַרגעס אָבער אויך ניט,
דו ביסט אַ לאַמטערן —
ניט מער —
פֿאַר אַ האַרץ פֿון אַ דיכטער.

דערמאַן זיך:
דו האָסט זיך געפּלאָנטערט אין ערשטע באַגריפֿן
און ווייך נאָך, ווי בלעטלעך אין פּסח
אין אונדזערע ערדישע ברייטן,
געווען זײַנען וועגטעלעך דײַנע.
דערמאַן זיך,
ווי ברייט און ווי טיף איז געווען שוין
די בענקשאַפֿט פֿון קינדערשן האַרצן,
ווי פֿעסט און דערהויבן
געווען איז דער קינדערשער גלויבן...
דערפֿאַר נאָר באַשערט איז מיר דאָ צו געניסן
פֿון יענע פֿאַרבאָרגענע פֿריידן,
דערפֿאַר, וואָס כ׳האָב שטענדיק געקאָנט דיך פֿאַרשליסן,
דו, אײַזערנע קאַמער פֿון דענקען!
מיט גבורה מיט יונגער
דאָס גלייביקע האַרץ צו פֿאַרוואַרפֿן
אויף דערנער און שטויבן,
אויף שפּיץ פֿון רויִנען,
וואָס פֿאַר אונדזערע אויגן דאָ ווערן.

מיט אָרעמס מיטביידע
עס געבן אַ שלײַדער,
ווי אַ פּאָספּאָרנעם קנויל,
אין דעם ווילדן געשטרויך
אויף שײַטערס,
וואָס נעמען זיך ברענען.

כ׳האָב געוואָגט דאָס צו קענען!

ווייטיקדיק איז ער,
דער גלויבן אין ניסים!
ווײי איז פאַרגרייט
פאַר ציטעריקע גלייביקע הערצער...

פאַרגרייט איז אויך פרייד...
צו הייליקע פריידן מײַן הייסע כּוונה,
אין נאָמען פון פריידן,
וואָס זײַנען פאַרגרייט פאַר מיליאָנען
און טראָגן זיי דאַרפן יחידים,
נעם איך דיך,
אײַזערנע קאַמער פון דענקען,
באַשווערן:
געדענק,
דו ביסט אַ לאַמטערן —
ניט מער — פאַר מײַן ציט׳ריקן האַרצן מײַן מידן...

# מאַמע

די זעלבע פעלדער.
פון דעם קינד, וואָס האָט אַמאָל געקוקט אויף זיי,
בין איך גרעסער,
מײַן מאַמע איז קלענער און עלטער געוואָרן...
פאַר מיר איז אַלץ קלאָרער —
פון מיר איז זי מילדער און בעסער,
און טיפער פון מײַנע שורות
זײַנען די קנייטשן פון איר טיכל.
און כ׳שעם זיך בײַ איר פרעגן,
צי ווייסט זי פון איינעם אַ ביכל:
„בײַ וועגן״?

*

י. ענגעלן

כי אלף שנים בעיניך
כיום אתמול כי יעבור.
(תהלים צ, ד)

צי קאָן דען אַנדערש זײַן ?
צי ווינקט דען ניט אַ שוועל
צו דעם וואָס האָט ביז האַלבן טאָג
אויף אייגן פעלד
געשפּאַנט,
געגאָסן הייסן שווייס
אויף בייט און בייט ?..
און אויב ס׳איז מיר באַשערט,
און ס׳איז מײַן ערד, מײַן פעלד
אַ וועלט די גרייס,
אַ וועלט די ברייט,
און ס׳איז מײַן האַלבער טאָג,
ווי גאָטס צוויי לאַנגע טעג די לענג...
און ניט געאַקערט, ניט געזייט —
געגאַנגען שלינג־און־שלאַנג...
און ניט קיין שווייס,
נאָר בלוט־געטראַנק
געגאָסן רײַך
אויף בייט און בייט —
צי קאָן דען אַנדערש זײַן ?
וועט זײַן מײַן שוועל

אין מיט פון ערד, פון וועלט!
וועט זײַן מײַן הויז
אַ וועלט די ברייט,
אַ וועלט די גרייס.

*

ד. ס. שור

פּאַר שטאַרקע און פעסטע צעמענטן
באַדאַרף מען וואָס דינערע שטויבן.
כ׳האָב געהאַט אַ ברכה אויף שווענדן,
איך האָב אַ ברכה אויף קלויבן.

איר ווערטער, איר ייִדישע ווערטער
פון עקן פון גאָר דער ערד,
דאָס פּאָכן פון שטײַגנדע הערצער
דורך אײַך האָב איך דערהערט.

ס׳האָט קיינער נאָך דאָ ניט געמאָסטן
די מעכטיקע כּוחות פון צווישן,
שוין שטויבן מיט בלוטן באַגאָסן
און וואַרטן און וואַרטן אויף מישן.

איר ווערטער, איר ווייכע און צאַרטע,
ווערט שוין קלאָר און פּראָסט.
פון שטאָל פון דמשק די האַרטקייט,
די שטײַפקייט פון רוסישן פראָסט.

ווי נעמען פון טײַערע היימען,
זאָלן קלינגען די אַלטע ווּהינען,
ס׳זאָלן רופן ווי טורעמס די זאַמדן, די ליימען,
ווי פאָנען זאָלן רופן רויִנען.

ס׳האָט קיינער נאָך דאָ ניט געמאָסטן
די מעכטיקע כּוחות פֿון צווישן.
שוין שטויבן מיט בלוטן באַגאָסן
און וואַרטן און וואַרטן אויף מישן.

*

א

ליבע צו דעם, וואָס גייט אויף,
מיטלײַד צו דעם, וואָס פאַרגייט —
ס'איז ענג אין געמיט פאַר אײַך ביידן.

יעדערע ברויכט איר געוואַלט,
יעדערע צערט איר און שפּאַלט —
ס'אַ ליכטיקער מוז אײַך צעשיידן.

גיב איך דיר, ליבע, די האַנט:
נעם מיך און פיר מיך געשפּאַנט —
כ'שליס מיט פאַרטרויונג די אויגן.

ס'האָט אַזאַ טבע דער קאָפּ:
בליקן פון מענגען אים ציִען אַראָפּ
זיך ערלער און וואָגיק פאַרנייגן.

ב

ס'איז דורך אַ זונענגאַנג:
אַ זומער און אַ ווינטער און אַ פרילינג און אַ האַרבסט,
און ווידער, ווידער פלייצט אויף מיר דײַן גרויע גרויסקייט,
און ווידער פול מיט מיטלײַד און מיט מיטפרייד איז מײַן האַרץ.

ערגעץ ווײַט פאַרגייען זיי, די ווייען, די פאַרדראָסן,
פאַרשעמטע, טיף פאַרנייגן זיך די אוראַלטע פאַרלאַנגען,
און אַ קלאָרע ליכטיקייט איז אויסגעגאָסן
איבער אַלע, איבער דײַנע ווירבלענדיקע דראַנגען...

אַ קול אַ שטרענגער מונטערט ווידער:
איין מאָל, איין מאָל פאַלט אויס אַזאַ אַצינד,
כּדאי איז וועגן דעם צו קריצן לידער
פאַר קינדערס קינדערס קינד.

כּדאי זיך אָנקניפּן אין יעדן פּיצל שטריקל,
וואָס באַמבלט זיך אויף דײַן פאַרשוווייסטן שפּאַן,
אין יעדן קנאַל פון בײַטש דערזען אַ פּאָר פון פליגל:
פאַראַן נאָך פרייד, פאַראַן!..

ג

ס׳איז האַרבסט, אַ זוי־געזונט — אַ קלאָרער טאָג...
ווי יעדער בוים, ווי יעדער וואַנדער־פויגל, פילט דאָס לײַב
דעם וויי פון מינערונג, דעם וויי פון לעצטן טרײַב,
נאָר אויך די גרויסע פרייד פון מענטש, וואָס אַלץ פאַרמאָגט.

פון מענטש פון דרייסטן לאַנד — דעם איינציקן אויף ערדן,
וווּ יעדער פּײַן ווערט טויזנט מאָל באַרעכטיקט,
וווּ זיס איז זייען ברויט און שלײַפן שווערדן,
וווּ אומעט טאָגט ניט דאָרטן, וווּ ער נעכטיקט.

אָ, ניין, כ׳האָב ניט פאַרלוירן זי, די פרייד די טיפע,
די פרייד פון ערשטן זײַן, די פרייד פון זײַן אַליין,
פון לײַב די פרייד, די פרייד פון בלוט, וואָס אין מיר זי טריפט,
די פרייד פון אייגענעם געביין.

נאָר כ׳האָב פאַרמערט פילפאַכיק אָט די פרייד,
כ׳האָב פריידן טויזנטער דערמיט געוווּנען,
וואָס כ׳בין פאַרקניפּט צום גאַנצן לעבנס־שפּאַן, וואָס גייט,
און כ׳קאָן אַזוי פיל טריט, דעם גאַנצן גאַנג באַזינגען...

# אינהאַלט פון באַנד איינס

## א
## בײַ וועגן
1921—1909

### ערשטע באַוווּנדערונג



### בײַ וועגן



### פעלדער

## קאַווקאַז



## פאַר טאָג



## גאַסן

## טרויער



## רויטע בליטן



## גינען־געוועב



## זונען־שלייפן

## ב
## באַגייַסטערונג
### 1928—1922

### וואָלגער־שטיינער



### ליריק



### אויף ליכטיקע רויַנען